פאראנטװאָרטלעכער רעדאקטער—אי. סו-
דארסקי. געמעלנ ל. גרימעל. טעכ-
נישער רעדאקטער—כ. ליומקיס. קאָ-
רעקטער — ם. דוביגסקי. פאפיר
110×72 1/32—50 קג, 2 1/2 דרוקבויגנ. אינ
1 פאפירבויגנ 100 000 צייכנס. טיראזש
2700 עקז. פארלאג 271-6 №. 2-טע
אינטערנאציאָנאלע דרוקעריי אופ״ם. קיִעװ,
רויטער פלאצ 2-א. באשט. 218. באפול-
מעכטיקטער פונ הויפטליט (131) 7700 №.
אָפגעגעבנ אינ זאצ 19/II 1934; אונטער-
געשריבנ צום דרוק 13/V 1934.





באלד ווי דער וועקזייגער הייבט נאָר אָן צו קלינ־
גען, כאפט ער זיך אוף, דאניע, גלײַך מיטן טאטן —
מער קאָן ער שוין ניט שלאָפן.

דער טאטע אײַלט זיך צו דער ארבעט, די מאמע
אויך, און ער, דאניע, האָט זיך דאפקע ניט וואָס צו
אײַלן. נאָר שלאָפן ווײַטער קאָן ער ניט.

דאניע וואַשט זיך ארום, גייט צו צום בלויען פענצ־
טער, — אינ דרויסן איז נאָך פינצטער, — און קוקט
ארויס אין דער טונקלקײַט, ווי ער זאָל אפ עמעצן
ווארטן.

פרעגט אים דער טאטע:

— וווּהין אזוי פרי?...

— אינ שול ארײַן...

איז דער טאטע אביסל פארכידעשט...

— אזוי פרי אינ שול?

— יאָ, טאַטע... הײַנט גייען מיר צו אײַך אפֿן זאַ־
וואָד. די גאַנצע שול גייט.

מער ענטפֿערט אים דער טאַטע גאָרניט.

שפּעטער אַביסל גייט דער טאַטע און די מאַמע
אַוועק אַף דער אַרבעט. דאָס שוועסטערל שלאָפֿט נאָך.
גייט דאַניע צו צו איר, רײַסט פֿון איר אַראָפּ די קאָל־
דרע און וועקט זי אויף.

— גיי אַוועק, זאָג איך דיר! — שרײַט זי בייז אַרויס
פֿון בעט, — וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו מיר, ווי
אַ מיעס הינטל... גיי אַוועק! אַניט...

— געבויג פּאָפּן! שטיי אויף...

— וויל איך ניט.

— וויל איך יאָ...

דאַניע מוז אָבער אַוועקגיין פֿון איר, ווײַל ער
ווייסט זייער גוט, אַז זי ווערט אין כּעס, קאָן מען
פֿון איר אַרײַנכאַפּן עטלעכע שיינע קלעפּ.

אַסאַך מאָל פֿאַרשפּעטיקט זי אין שול אַרײַן. די
שוועסטערקע זײַנע, און האָט נאָך גאַנצע טײַנעס צו
דאַניען — אַלעמײַ האָט ער זי ניט אויפגעוועקט. „זאָל
נאָר זײַן די אַלגעמיינע פֿאַרזאַמלונג פֿון דער שול, —
טראַכט ער בײַ זיך, — וועט זי שוין מער אין שולקאָמ
ניט זײַן. פֿאַר די לערער געפֿינט זי שטענדיק אַ טע־
רעץ — זי האָט אַ סיבה: די פּראָטאָקאָלן האָט זי באַ־
דאַרפֿט איבערשרײַבן... ער פֿאַרשטייט ניט, דאַניע,
ווי קאָן מען אַזוי שפּעט שלאָפֿן?.. דער קאָפּ קאָן
דאָך וויי טון...“

אין שול קומט ער שטענדיק דער ערשטער — שטענדיק. קײנמאָל פֿאַרשפּעטיקט ער ניט. הײַנט, אַז ער איז געקומען אין שול, איז נאָך אַפֿילו געװען צוגעשלאָסן די טיר, האָט ער אַ שטיק צײַט געמוזט שטײן אין דרױסן און װאַרטן, ביז דער היטער װעט עפֿענען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

פֿאַרװאָס איז דאָס אַזױ? שטענדיק, װען דער טאַטע קומט פֿון דער אַרבעט, װאַרפֿט ער זיך אַרײַן אין בעט און װערט באַלד אַנשלאָפֿן. אַז ער כאַפּט זיך אױף, װאָרטשעט ער:

— אַזאַ פּלאַן... אַזאַ פּלאַן... װער קאָן עס אױספּילן אַזאַ פּלאַן?..

װײל אים דאַניע אַפֿילו ניט פֿרעגן, װײַל דער טאַטע זײַנער װעט אױף אים אָנשרײַען, װי שטענדיק:

— ניט דײַן זאַך...

אָס אַזױ ענטפֿערט ער אים, דער טאַטע זײַנער, װען ער איז שטאַרק באַרױגעז.

פֿאַרקערט, די מאַמע, אַז זי קומט, איז זי שטענדיק אַ פֿרײלעכע.

זי האָט שױן אױף הײַנטיקן כוידעש װידער באַקומען אַ שלאָגלער־ביכעלע.

פֿאַרדרײט ער דאָס פּאָנעם, דער טאַטע זײַנער, און װיל אַפֿילו מער ניט הערן, װאָס זי רעדט צו אים.

— איך האָב עס אין דר'ערד, — ענטפּערט ער און באַהאַלט די אויגן זײַנע... — אַט ווען דו פּרוּווסט גיין צו אונדז אַפן זאַוואָד, וואָלסטו אַזוי פריילעך ניט גע-ווען... יאָ, יאָ...

וויל ער טאַקע, דאַניע, אַ קוק טון. וואָס איז דאָרטן בא זיי אַפן זאַוואָד... וואָס איז דאָרט אַזוי שרעקלעך?..

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין דרויסן איז שוין געוועזן קאַלט. קליינע פּראָ-סטיקע שנייעלעך האָבן זיך, ווי מאַרליע, אויסגעלייגט אַף די דעכער. אַ קאַלט ווינטל האָט געשניטן דאָס פּאָנעם און געמאַכט רויט די קינדערשע בעקלעך.

מע האָט זיך שוין אויסגעשטעלט אין אַ ריי, און באַלד וועט מען גיין צום זאַוואָד.

— וואָס הײַעט מען אַזוי?.. — טראַכט בא זיך דאַ-ניע. — מע קאָן עס ניט מאַכן אַביסל גיכער?..

דער זאַוואָד איז ניט ווײַט פון דער שול. אַ גרויס פּלאַץ פאַרנעמט דער מעטאַלורגישער זאַוואָד. יוען מע גייט צו נאָענט צו די טויערן, הערט מען, ווי עס שפּאַרט אַרויס פון הויף אַ טומל, אַ גערויש, מע מוז אַזש די אויערן פאַרשטאָפּן.

באַלד ווי די כעוורע זײַנען אַרײַן אין מעכאַנישן צעך, האָט מען צעוואָרפן די אייגעלעך אַף אַרויף און אַראָפּ און אין די זײַטן, מע הערט זיך גאָרניט צו, וואָס דער מײַסטער דערקלערט. און אַזאַ ראַש פּאַטשט אין די אויערן, אַז מע קאָן גאָר אַפילע ניט הערן.

— ... דאָס איז די באַשטעלונג פאַר קירגיזסטאַן, — רעדט ווײַטער דער מײַסטער, און זעט זעען די קינ־דער גרויסע, אומגעהייערע מאַשינעס. יעדערער פון זיי וואָלט געקאָנט פריַי דורכגיין און אפילו שפּאַצירן דאָרט אין די לעכער, ווו די שטאָלענע וואלן וועלן זיך דרייען.

דאַניע איז שוין ניטאָ... דאַניע איז אוועק פון דער כעוורע און שפּאַצירט זיך אַליין איבערן מעכאַנישן צעכ. די אַרבעטער, וואָס לויפן דורך פאַרבײַ, וואַרפן אים אין פּאָנעם אַ וואַרעם שמייכעלע: — שנעקל!..

ער זוכט דעם טאַטן זײַנעם, דאַניע.

ער ווייסט דאָך, אַז דער טאַטע איז אַ כאָקער, זוכט ער מיט שאַרפע אָנגעשפּיצטע אייגעלעך צווישן די אָנ־געשטעלטע סטאַנקעס.

מיטאַמאָל הערט ער אַ געשריי, מע זאָל זיך פאַ־נאַנדערגיין אין די זײַטן. אויף אַ וואַגאָנעטקע האָט מען אָנגעלייגט דעטאַלן פון מאַשינעס, און שוואַרצ־אַרבעטער פירן זיי אין „סבאָראָטשנע" מיט אַ געשריי און מיט אַ געפּילדער.

ער איז אָפּגעשפּרונגען אין אַ זײַט, דאַניע, און איז אַרײַן מיט די אַקסל אין אַ פּאָר ברייטע הענט.

— פונוואַנען קומסטו אַהער, דאַניע?

ער האָט אים באַלד דערקענט. ס'איז דאָך וואַניע קאַרפּ.

וואַניע קאַרפּ וווינט ניט ווײַט פון זייער שטוב, און דאַניע קען אים שוין זייער לאַנג...

— די גאנצע שול אונדזערע איז דאָ, מיר זײַנען געקומען אף אן עקסקורסיע...—האָט ער א'מ אין איין אָטעם אָפּגעענטפערט און געקוקט אף זײַנע גראָבע, געזונטע הענט.

— א־א!..—האָט דער ארבעטער צוגעבויגן דעם קאָפּ צו אים און געלאכט,—וועמענ־זשע זוכסטו?..

— דעם טאטן.

— אלעקסאנדער!—האָט וואניע קארפּ א געשריי געטאָן,—הא, אלעקסאנדער, דײַן יאטוץ איז צו דיר געקומען.

דאניע האָט דערהערט דעם טאטנס שטים, האָט ער זיך געלאָזט גיין גלײַך צו אים.

—אהער, דאניע! גלײַך גיי, גלײַך, פארטשעפּע זיך נאָר ניט,—האָט דער טאטע געשריִען צו אים אף א קאָל און געװוּנקען מיט דער האנט.

ער וואָלט אים קיינמאָל ניט דערקענט—דאָס פּאָנעם באם טאטן פארשמירט, די הענט פארשווארצט—אזוי זעען אויס אלע, וואָס ארבעטן דאָ אפן זאוואָד.

דאניע האָט נאָך עפּעס באמערקט...

... לעבן טאטנס סטאנאָק הענגט א שווארץ ברעטל, וואָס ווארפט זיך אלעמען אין די אויגן.

אפן ברעטל איז אָנגעשריבן אָט וואָס:

| |
|---|
| איבער דעם כאוועך אלעקסאנדער פאר־האלט מען די באשטעלונג! — ווען וועט איר אויספילן דעם פלאן?.. |

— וואָס קוקסטו, דאַניע ?..— דער טאַטע האָט אים א צי געטאָן פאַרן מאַנטל, ער זאָל אַראָפּנעמען די אויגן פונעם ברעטל...

— מע מיינט דיך, טאַטע? — האָט דאַניע אים פּלוצים א פרעג געטאָן, און דאָס פּענעמל זײַנס האָט אָנגעהויבן ברענען.

— ס'איז ניט דײַן זאַך...— האָט אַלעקסאַנדער שטרענג, ווי שטענדיק, אים אָפּגעענטפערט.

דאַניע האָט נאָך אַקוראַט ניט באַוויזן זיך אַרומצוקוקן, וואָס דאָ טוט זיך, זײַנען שוין לעבן טאַטנס כּטאַנאָק געשטאַנען אַלע קינדער, און דער מײַסטער האָט גערעדט צו זיי.

— איך האָב אײַך דערציילט, קינדער, אַז ס'איז פאַראַן בײַ אונדז אַזעלכע אַרבעטער, וואָס פּילן ניט אויס דעם פּלאַן, און דאָס רײַסט אַרונטער די גאַנצע אַרבעט. אָט איז איינער פון די — דער כאַווער אַלעקסאַנדער. זאָל ער אײַך אַליין דערציילן, פאַרוואָס פּילט ער ניט אויס דעם פּלאַן, פאַרוואָס רעדט ער מער ווי ער אַרבעט. פרעגט בײַ אים אַליין...

— ס'איז דאָך דאַניעס טאַטע...

— אָט שטייט דאָך דאַניע אַליין אויך...

... ווען דאַניע זאָל קאָנען, וואָלט ער אַלעמען פאַרשטעלט די אויגן, מ'זאָל ניט קוקן...

ווען דאַניע איז אפן מײַסטערס אָרט, וואָלט ער די קינדער אַהער צום טאַטן ניט געפירט...

... ווען דאניע ווייסט, וואָלט ער אפילע אפ דער עקסקורסיע ניט געגאנ... וואָס לאכנ זיי, די קינדער ?..

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאָס הארצ האָט בא אימ גיכ־גיכ געקלאפט, דאניע אליינ האָט זיכ געפילט מער שולדיק, ווי דער טאטע זיינער... ער האָט שוינ ניט געקאָנט אופהייבנ די אויגנ פונ דער ערד...

— דאניע, ס'איז טאקע דיינ טאטע ?..

— וואָס ענטפערסטו ניט, דאניע ?..

די קינדער האָבנ שטארק געלאכט...

אונ אז מ'איז געגאנגענ פונעמ זאוואָד אהיימ, האָט מענ געטייטט אפ אימ מיט די פינגער:

— איבער אימ...

— איבער דאניעס טאטנ קאָנ מענ ניט אויספילנ די באשטעלונג צו דער צייט.

— פע, א ביזויענ, דאניע...

ער איז שוינ צוזאמענ מיט די קינדער אהיימ ניט געגאנ. ער האָט זיכ געלאָזט לויפנ, ווי מע וואָלט נאָכ אימ נאָכגעיאָגט...

— דאניע, וווהינ לויפסטו?

— דאניע, קומ אהער!

דאניע האָט זיכ ניט אומגעקערט. גרויסע קיילע־כיקע טרערנ האָבנ זיכ אימ אוועקגעשטעלט אינ די־ אויגנ אונ ווילנ זיכ בעשומויפנ ניט אראָפקייקלענ.

—

קיינער ווייסט ניט, אז ער שלאָפט שוין ניט די צווייטע נאכט...

די קינדער אין שול לאכן פון אים, וואָס ער האָט אזא טאטן. אייניקע האָבן אפילע געזאָגט, אז דער טאטע זײַנער איז א שיקער, און א צווייטער האָט אים געזאָגט, אז דער טאטע זײַנער מאכט אסאך פּראָ־גולן — נאָר דאָס איז דאָך א ליגן...

און פארענטפערן וויל ער זיך פאר קיינעם ניט...

עטלעכע טעג נאָכאנאנד האָט דער קליינער דאניע זיך געבראָכן דעם קאָפּ — וואָס טוט מען?..

און אז ער פּרוווט א רעד טון מיט זײַן טאטן:

— טאטע, די קינדער אונדזערע זאָגן, אז דו ביסט א...

ווערט דער טאטע זייער בייז, ביז גאָר צעקאסט און טוט אים א שטופּ אָפּ אין א זײַט.

— גיי אוועק, זאָג איך דיר, דאניע. גיי אוועק, אניט...— אָט אזוי רעדט ער צו אים, דער טאטע זײַנער, מיט א רעציכע, די אויגן זײַנע פלאמען אוף, אָקאָרשט זיי שפּארן ניט ארויס פון קאָפּ...

— דו וועסט מיך לערנען?.. איך וועל דיר דאָ...

מוז ער אָפּטרעטן פון אים, דאניע, און שוין מער וועגן דעם קיין וואָרט ניט דערמאנען.

— — — — — — — — — — — — — — — —

דאניעס היים איז ניט ווײַט פונעם זאוואָד.

אנומלט גייט ער פון דער שול, הערט ער, ווי לעבן די זאוואָדישע טויערן זשומעט מען — האָט

דאניע באלד פארשטאנען, אז איצט איז בא די ארבע־טער אן איבעריַיס, ווארמעס־צײַט.

ער מוז אריַין אפן זאוואָד א קוק טון, ווי אזוי אנדערע טאטעס פילן אויס דעם פּלאן און זיַין טא־טע ניט.

דער זאוואָדישער פיַיפ האָט צוריק גערופן צו דער ארבעט. די צעכן האָבן אָנגעהויבן אָטעמען מיט ראַש.

דאניע האָט זיך אונטערגעגאנווערט און קוקט ארויס דורך א שפעלטל, ווי דער טאטע זיַינער אר־בעט... ער האָט גליַיך מיט אלע טאָקערס געלאָזן זיַין סטאנאָק.

— וואָס־זשע איז דאָס?..

— פארוואָס־זשע פילט ער ניט אויס דעם פּלאן?..

שפעטער אביסל זעט ער, דער טאטע פארוקט דעם שטעקן, און דער סטאנאָק זיַינער בליַיבט שטיין. פאמעלעכן ציט ער ארויס פון דער קעשענע א ציַ־גאר און פארויכערט. דערנאָך זעט ער, ווי עס גייט צו איין ארבעטער, א צווייטער, מע שפּארט זיך אָן אין דער „סטאנינע" און מע פארפירט מיטן טאטן א געשפּרעך... איינער דערציילט א כאָכמע, דער צוויי־טער דערציילט גלאט אזוי א מעַיסע, און דער טאטע לאכט...

הייבט מען אָן שריַיען איבערן גאנצן צעך.

— ווו זיַינען די שווארצארבעטער, וואָס פירן דעם קראַ', ווו זיַינען זיי?..

לויפן אוועק די צוויי ארבעטער, וואָס זײַנען פריִער אביסל צוגעגאנגען צום טאטן, און דער טאטע בלײַבט אליין. לאָזט ער דעם סטאנאָק אין גאנג און ארבעט זיך ווידער ניט־געײַלט...

דאניע קוקט די גאנצע צײַט ארויס פונעם שפאלט... שפעטער באווײַזן זיך ווידער די צוויי ארבעטער פונעם קראן, מע פארוויכערט אלע איניינעם און מע דערציילט זיך מײַסעס...

„אָט דערפאר פילט ער ניט אויס דעם פלאן,— טוט דאניען א יאָג א געדאנק,—מע רעדט מער, אייִדער מע ארבעט...״

דאניע הערט זיך די גאנצע צײַט אײַן און סטארעט זיך זײַן אזוי שטיל, אפילו דעם אָטעם שלינגט ער אין זיך...

ווען דער טאטע זײַנער איז געבליבן אליין, האָט דאניע זיך פאמעלעך צוגערוקט צום סטאנאָק, ארײַנגעשפארט זײַנע צוויי קינדערשע הענט אין הילצערן קעסטל און ארויסגעשלעפט פון דאָרט מיטאמאָל דרײַ צײנ־רעדער... זייער פאָרזיכטיק, אײַנגעקאָרטשעט אין צענטן, איז ער אָפּגעגאנגען פונעם פאָטער ניט אראָפּנעמענדיק פון אים זײַנע צעגליטע שמאָלע אייגעלעך. ער איז געגאנגען מיט דער פלייצע פאָרויס און אלץ געקוקט אפן אריבערגעבויגענעם טאטנס רוקן...

מ'איז נאָכאמאָל צוגעגאנגען צו אלעקסאנדערן, דער טאטע האָט פארוקט דעם שטעקן, און דער

2 — 218

סטאנאָק האָט זיך אָפּגעשטעלט. מ'האָט זיך צעשמו־
עסט, און דער טאַטע האָט געבעטן בײַ די אַרבעטער
א ציגאַר־מאַכאָרקע...

— וואָס דאַרף איך אײַלן?..

— טאַקע, אַלעקסאַנדער, וואָס האָסטו קיין צײַט
ניט?..

— די נעשאָמע וויל איך פֿון זיך ניט אַרויסיאָגן.

אַלע דרײַ האָבן זיך דערוויַיל צוגעזעצט, דער טאַ־
טע און די צוויי שוואַרצאַרבעטער, וואָס פֿירן דעם
קראַן.

אַלע דרײַ האָבן געלאַכט מיט אַ דריבנע געלעכ־
טערל און געלאָזט פֿון די מײַלער שלאַנגענע רויך.

פּלוצים האָט זיך אַלעקסאַנדער אַ כאַפּ געטאָן צום
הילצערנעם קעסטל, וואָס איז געשטאַנען אין דער לינ־
קער זײַט, און אָנגעהויבן ציילן די ציין־רעדער. עט־
לעכע מינוט איז ער געשטאַנען און געציילט.

דאַניע האָט געזען, ווי בײַם טאַטן איז דאָס פּאָ־
נעם געוואָרן בלאַס, און אַפֿילע קאַלט—אַזוי האָט
זיך אים אויסגעוויזן. ער קוקט זיך אַרום אין אַלע
זײַטן צעשראָקן און נעמט ווידער ציילן.

פֿרעגט אים איינער פֿון די שוואַרצאַרבעטער:

— וואָס איז מיט דיר, אַלעקסאַנדער?..

ענטפֿערט ער אָפּ, דער טאַטע זײַנער, בייז:

— גאָרניט... נעכטן אין דער צײַט האָב איך שוין
געהאַט געמאַכט עלף ציין־רעדער, און איצט איז בײַ
מיר פֿאַראַן נאָר אַכט...

און מיטאמאָל איז ער געוואָרן שרעקלעך אין
קאס.

— גייט אוועק פונדאנען... איבער איַך... איבער
איַך...—האָט ער זיך ארויסגעוואָרפן אף די שווארצ־
ארבעטער.

אלעקסאנדער האָט פון זיך אוועקגעטריבן די
ארבעטער, וואָס זיַנען געשטאנען לעבן אים, און
אליין האָט ער זיך אוועקגעשטעלט באַם סטאנאָק און
געיאָגט שנעל־שנעל—ער זאָל כאָטש מאכן אזויפיל
וויפל נעכטן—נעכטן האָט ער געמאכט פארן גאנצן
טאָג פופצן ציין־רעדער...

צום סאָף ארבעט־טאָג האָט דאניע צוריק אנידער־
געלייגט די דריַ ציין־רעדער. ער האָט דאָס שטיקל
ארבעט אָפּגעטאָן שטילערהייט און מיט מוירע, פונקט
ווי פריִער, בעשאס ער האָט פון קעסטל זיי ארויס־
געשלעפּט.

א צופרידענער האָט ער זיך געלאָזט ארויסגיין
אינאיינעם מיט די ארבעטער. וואָס האָבן שוין געהאט
אוועקגעלייגט די ארבעט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

ווען ער איז א צווייטן מאָל געגאנגען פון דער שול,
זיַנען די זאוואָדישע טויערן געווען געשלאָסן.

וואָס טוט מען איצטער? וויאזוי גייט מען אריַין
אפן זאוואָד? ער קוקט אריַין אין הויף דורך די
איַזערנע גראטעס. פונוונטן אין פארקאן האָט ער

באמערקט א לאָכ, עטלעכע ציגל פעלנ, דארפ מענ זיכ אויסציִענ און דורכקריכנ דורכ דער שמאָלער לאָכ אינ הויפ ארײַנ... פאר דאניענ איז עס געווענ א שווער שטיקל ארבעט. דאניענ ווײַזט זיכ אויס, אז קיינער וואָלט זיכ ניט אײַנגעשטעלט דורכצוקריכנ דורכ אזא שמאָלער לאָכ און קיינער וואָלט ניט געקאָנט זיכ אזוי אויסציִענ, אזויווי א גלײַכ שטיקל האָלצ. נו, ווער וואָלט געקאָנט?..

ער האָט גאָר פארגעסנ, אז ער האָט נאָכ קיינ מיטיק ניט געגעסנ, ער איז גאָר ניט הונגעריק...

ווענ דאניע איז שוינ געווענ אפנ זאוואָדישנ הויפ, איז איינער פונ די היטערס אימ אָנגעגאנ אנטקעגנ.

— פונוואנענ קומסטו אהער, שנעק?..

דאניע האָט זיכ ניט פארלאָרנ, באלד האָט ער זיכ גענומענ אינ די הענט ארײַנ.

— איכ דארפ האָבנ,—האָט ער קורצ געענטפערט,— איכ בינ א פאָרשטייער פונ אונדזער שול...

— וועמענ-זשע דארפסטו?

דאָ האָט דאניע ניט געקאָנט צוזוכנ קיינ פאסיקנ ענטפער. ער האָט געפילט, ווי ער פלוידערט און ענטפערט ניט קלאָר אפ דער פראגע, וואָס דער היטער האָט אימ געשטעלט.

— איכ דארפ האָבנ...—האָט ער ענדלעכ דרייסט אָפגעענטפערט, און ער איז געווענ זיכער, אז באלד וועט אימ דער היטער א כאפ טונ פארנ קארק און אימ ווײַזנ, ווי א טיר עפנט זיכ... „פארפאלנ— טראכט

ער באַ זיך—מ'קאָן דאָ גאָרניט העלפֿן..." און ער האָט נאָך דרייסטער צוגעגעבן:

— ווען איך דאַרף ניט, וואָלט איך אַהערצו ניט געקומען...

אַ גליק איז געווען פֿאַר דאַניען, וואָס מע האָט דעם היטער אַ רוף געטאָן, און ווי נאָר דער היטער האָט באַוויזן אויסצודרייען זײַן שווערן, גרויסן קאָפּ, האָט דאַניע שוין געפּויזעט צווישן די גרויסע קעסט־לעך און אַזוי־אַרום ־זיך אַרײַנגעגאַנוועט אין מעכאַנישן צעך.

איידער נאָך ער האָט באַוויזן צוצוגיין צו יענעם אָרט, ווו דער טאַטע זײַנער אַרבעט, האָט ער דער־הערט, ווי מע רעדט טאַקע וועגן זײַן טאַטן. שטעלט ער אָן די אויערן זײַנע און הערט זיך אײַן:

— ער גייט אַף אַ וועג, אַלעקסאַנדער.

— וואָסי דען?

— נעכטן האָט ער געמאַכט צוואַנציק צײַן־רעדער.

— נו?

— מ'האָט שוין געוואָלט אַפּילע אַראָפּנעמען דאָס ברעטל.

— נאָר פֿאַרוואָס האָט מען ניט אַראָפּגענומען?

— דער מײַסטער האָט געזאָגט, מע זאָל נאָך צו־וואַרטן.

— ער וואָלט געקאָנט זײַן אַ גוטער אַרבעטער.

— אַוואַדע.

דאַניע איז אַוועק צום טאַטן.

קיינמאָל האָט נאָך דאַניעס האַרץ ניט געצאַפּלט מיט אַזויפיל פרייד. מע האָט שוין אַפילע געוואָלט אַראָפּנעמען דאָס ברעטל... נעכטן האָט ער געמאַכט צוואַנציק צייג־רעדער. ווער? דער טאַטע זייַנער. די אייגעלעך האָבן זיך בא אים צעפינקלט. ווען ער שעמט זיך ניט, וואָלט ער זיך אַרופגעוואָרפן אָפן האַלדז... און זאָל די גאַנצע שול זען, אַז דאַניעס טאַטע פילט אויס דעם פּלאַן גלייַך מיט אַלע טאַטעס...

ער איז געבליבן שטיין, ווי צוגעשמידט, ווען ער האָט דערזען, אַז דער טאַטע האָט זיך ברייט צעזעצט אָפּ אַ גרויסער באַלוואַנקע, און אַרום אים שטייט אַ גאַנץ רעדל—מ׳לאַכט ווידער, מע דערציילט זיך מייַסעס און מע לאַכט נאָכאַמאָל...

— ווער? דער טאַטע זייַנער?..

דער שטעקן איז פּאַרוקט, דער סטאַנאָק שטייט...

— דאַנ׳יע ס׳איז דייַן טאַטע?..

— דאַניע!... וואָס שווייַגסטו, דאַניע?..

נו, וואָס קאָן ער כּון, דאַניע?.. וואָס קאָן ער דאָ העלפן?.. און טאַקע באַלד, ווי מע האָט אָפּגע־רופן די אַרבעטער פונעם טאַטן, זיי זאָלן גיין צום קראַן, און ווי נאָר דער טאַטע האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט, איז דאַניע ווידער צוגעגאַנגען צום הילצער־נעם קעסטל און פון דאָרט אַרויסגעשלעפּט ניט קיין דרייַ צייג־רעדער, נאָר זעקס...

און געפּיקט האָט אים אין קאָפּ די גאַנצע צייַט:

— וואָס וועט זייַן פון דעם דער סאָף?

— וואָס טוט מען?

— וואָס איז דאָס פאר א צאָרע?..

ער האָט געוואָלט באוואָרענען די ציין־רעדער, אז קיינער זאָל ניט זען דאָס מיעסע שטיקל ארבעט, וואָס ער טוט דאָ אָפּ... פלוצים האָט ער אָפּ זיינע קליינע אקסלען דערפילט א פּאָר שווערע הענט.

— וואָס טוסטו דאָ, דאניע?..

ער האָט צונויפגעציפּעט די ציין און געשוויגן.

— נאָכאמאָל אָפּ אן עקסקורסיע?..

— ניין, — האָט ער אים געענטפערט אָן א קאָפּשרעק, — ניט אָפּ קיין עקסקורסיע בין איך געקומען, נאָר...

אין עטלעכע ווערטער האָט ער דערציילט קאָרפּן אלץ, וואָס ער טוט דאָ, און פארוואָס ער באהאלט די ציין־רעדער... און געענדיקט האָט ער: — איך אלע טאָג קומען אהער, ביז מ׳וועט פונעם טאַטנס סטאנאָק ניט אראָפּנעמען דאָס שווארצע ברעטל...

— איך האָב גאָר ניט געוווּסט, אז דו ביסט אזא יאטוץ, — האָט איוואן קארפּ זיך געכידעשט און אים אָנגעקוקט פון קאָפּ ביז די פיס, ווי ער וואָלט אים דאָס ערשטע מאָל דערזען.

דאניע האָט אים אויך דערציילט, וויאזוי דער היטער האָט אים געכאפּט פאר דער האנט און פאר־האלטן... ס׳איז נאָך גוט, וואָס ער האָט אויסגעקע־רעוועט דעם קאָפּ. און ער, דאניע, האָט געקאָנט פארשווינדן פון זיינע אויגן...

איוואַן קאַרפּ האָט אַרויסגעשלעפּט פון דער בוזעמ־קעשענע אַ בלאָקנאָטל, פאַרשריבן עפּעס און אים אָנגעזאָגט:

— מיט אָט דעם צעטל וועסטו גיין אין זאַווקאָם צום כאַווער סאַראַטאָוו, ער וועט דיר שטעלן אַ שטעמפּל, און דו וועסט קאָנען שטענדיק דורכגיין...

דאַניע האָט גאָרניט געוווּסט, ווי אַזוי אים צו באַדאַנקען, ער איז געווען גרייט אים אַרומצונעמען מיט זײַנע קינדערשע הענטלעך און אים אַזש אויפהייבן אינדערהייך... נאָר געזאָגט האָט ער אים:

— איר זאָלט קיינעם ניט דערציילן, קיינעם ניט...

אַלעקסאַנדער האָט זיך צעפּינעט און שעלט זיך מיט בייזע קלאָלעס...

איוואַן קאַרפּ איז צוגעגאַן צו אַלעקסאַנדערן, אַרײַנגעקוקט אים גלײַך אין די אויגן און געפרעגט מיט אַ שמייכל:

— וואָס איז שוין ווײַטער, אַלעקסאַנדער?

— סע גייט מיר אָפּ צײַן־רעדער. עמעצער גאַנוועט בײַ מיר...

— סע ווײַזט זיך דיר אויס...

— וואָס ווילסטו מיר אײַנרײדן, איך ווייס דאָך.

— מיר דאַכט, אַלעקסאַנדער, אַז ס׳איז זייער אַרבעט.

— וועמעס?..

— אָט די אָ מענטשעלעך פונעם קראַן, וואָס קומען און דערציילן דיר מעשׂיות... זיי ציען אָפּ בײַ דיר און פאַרקויפן אַנדערע טאָקערס...

— פונוואנען ווייסטו?

— ווײַל איך האָב באַמערקט, ווי קאָרזש האָט גע־טראָגן אין די הענט עפּעס ענלעך צו אַ צײַן־ראָד...

— אָט אַ כאָליערע... ס'קאָן ניט זײַן... איך וועל אים די אויגן אַרויסדראַפּען... איך וועל אים...—אַלע־קסאַנדער האָט נערוועז געביסן די אונטערשטע ליפּ און געהאַלטן אין איין שעלטן זיך.

— דו האָסט פאַרגעסן, אַלעקסאַנדער,—האָט גוטמוטיק געדעדט צו אים איוואַן קאַרפּ.—אַז דײַן סטאַנאָק האָט ווייניק געאַרבעט, ווייניק, וואָס ווייני־קער קאָן שוין ניט זײַן. איז עפּשער דאָ ליגט דער טאַעס דײַנער?.. און קיינער גאַנוועט בײַ דיר ניט. דערמאָן זיך!

שפּעטער, ווען די שוואַרצאַרבעטער זײַנען נאָכ־אַמאָל צוגעגאַנגען צו דאַניעס טאַטן דערציילן אַ נײַע כאָכמע, אַ פרישן אַנעקדאָט, האָט זיי אַלעקסאַנ־דער גוט אויסגעזידלט און דורכגעטריבן...

— גוט אַזוי. גוט...—האָט דאַניע זיך געקוויקט, שטיי־ענדיק פונדערווײַטנס און נאָכשפּירנדיק נאָך יעדן ריר דעם טאַטנס,—זאָלן זיי וויסן, די ליידיקגייערס, די פּוסטעפּאַסניקעס...

ווײַטער איז שוין צו אַלעקסאַנדערן קיינער ניט צוגעגאַנגען. ער האָט אַפילע געפּרוווט ווינקען מיט די אויגן, אָבער יענע האָבן נאָר אָפּגעדרייט דעם קאָפּ...

אַזוי איז געגאַנגען דאַניעס טאָג נאָך טאָג אין זאַוואָד אַרײַן. בײַ דער בודקע האָט אים קיינער ניט פאַר־

האלטן. אָבער אין צעך האָט ער זיך געדארפט גוט היטן, דער טאטע זאָל זיך ניט דערוויסן, אז ער איז דאָ.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'איז שוין געוועג סאָפ טאָג. אָט־אָט וועט באלד א הודע טון, און בא די ארבעטער וועט זיין שאבאש... באם טאטן אין קעסטל איז פול אָנגעלייגט מיט ציין־רעדער... עפשער פערציק ציין־רעדער...

דאניע האָט באמערקט, ווי צווייַ גראָבע, געזונטע הענט האָבן זיך א הייב געטאָן אין דער הייך און אראָפּגענומען דאָס שווארצע ברעטל.

— אלעקסאנדער, — הערט דאניע, ווי מע רעדט צו זיין טאטן, — ווייסט, אלעקסאנדער, נעכטן האָסטו אויסגעפילט די פּראָגראם אָפּ 105 פּראָצ.

ער האָט געשוויגן, דער טאטע זיינער, די צונויפּ־גענומענע ליפּן האָבן זיך פאנאנדערגענומען, און א צופרידענער שמייכל האָט זיך צערונען איבערן גאנצן פּאָנעם:

— היינט האָב איך מער...

— וועסט נאָך ווערן א שלאָגלער אויך...

— עפשער...

א שטארקע היץ האָט דאניען א שלאָג געטאָן גלייך אין פּאָנעם. ווען ער ווייסט, אז דער טאטע זיינער וועט זיך ניט בייזערן, וואָלט ער מיט איין יאָג ארופגעלאָפן צו אים אָפּ די הענט...

מיטאמאָל האָט זיך אומגעריכט א ריס געטאָן פון זיין מויל:

— טאטע!..

— פונוואנען קומסטו אהער, דאניע?..

— איך קום,— און דאָס הארץ האָט אָנגעהויבן בא דאניען פלאטערן,— מיט די פיס קום איך אהער...

— — — — — — — — — — — — — — — —

די קינדער פון שול לויפן ארום איבערן לאנגן קאָרידאָר און זשומען.

מע האָט זיך היינט געקליבן גיין אפן זאוואָד. און מיט דאניען רייצט מען זיך:

— מ׳וועט ווידער באווייזן דיין טאטן...

— א פראָגולשטשיק איז ער...

— און א שיקער אויך...

דאניע ענטפערט זיי קיין וואָרט ניט. איצט פאר־דריסט אים ניט, וואָס מע באליידיקט אים. און בא זיך טראכט ער: „ווארט נאָר ווארט, לאָמיר נאָר ארייננגיין אפן זאוואָד, וועל איך אייך שוין אומיסטן ווייזן...“

וואָס הייעט מען, מע קאָן ניט מאכן אביסל גיי־כער?..

די קינדער זיינען אוועק אפן זאוואָד.

דער מייסטער האָט זיי פריינטלעך אופגענומען און דערציילט, וויאזוי מע האָט יענע מאשינעס אוועקגעשיקט און איצטער ארבעטן זיי שוין.

— איר געדענקט דאָך?—האָט דער מייסטער פארענדיקט מיט א פראגע.

— וואָס־זשע, מיר געדענקען ניט ?..
דאַניע האָט זיך אַרויסגעכאַפּט:
— כאַווער מײַסטער, ווײַזט אונדז יענע אַרבע־טער, וואָס פּילן ניט אויס דעם פּלאַן. איר געדענקט דאָך ? — האָט ער אַ פרעג געטאָן פּונקט אַזוי, ווי דער מײַסטער די קינדער, מיט דעמזעלבן טאָן.
דער מײַסטער האָט אוועקגעפירט די קינדער אין יענעם ווינקל, וווּ אַלעקסאַנדער האָט געאַרבעט.
— בעשאַס איר זײַנט געווען בײַ אונדז יענץ מאָל, האָט איר דאָ געזען וואָס, כעווערע ?
— אַ ברעטל... — האָבן אַלע קינדער אויסגעשריִען.
— נוֹ, און וואָס איז געווען אָנגעשריבן אויפן ברעטל ?
— דער כאַווער אַלעקסאַנדער פּילט ניט אויס דעם פּלאַן.
— ריכטיק, ריכטיק. און איצט, כעווערע, פּילט אויס דער כאַווער אַלעקסאַנדער דעם פּלאַן און אַמאָל שטײַגט ער נאָך אַריבער דעם פּלאַן...
— נו ? — האָבן אַלע מיט דער פראַגע ווי אַ פײַף געגעבן.
— יאָ, יאָ...
— ס'איז דאָך דאַניעס טאַטע...
— נוֹ, יאָ, דאַניעס...
— אָט איז דאָך דאַניע אַליין אויך פאַראַן.
איוואַן קאַרפּ איז אָנגעגאַן, ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט הערן, ווי דער מײַסטער דערקלערט די קינ־

דער, נאָר אפ דער פראגע, פארוואָס האָט אלעקסאנ־דער פריִער גוט אויסגעפילט דעם פלאנ אונ איצט יאָ, האָט מענ געזענ, איז דעם אלטיטשקנ מײַסטער שווער צו ענטפערנ...

איוואנ קארפ האָט ארופגעזעצט דאניִענ אפ דער בּרייטער פלייצע אונ געלאכט צו די קינדער.

— איך זעט דעם יאטוצ, יאטלעכ! אָט דער בּאָכער האָט ארויסגעשלעפּט דעם טאטנ זײַנעם פונ א טיפער בּלאָטע.

אונ ער האָט דערציילט די קינדער די גאנצע מײַסע.





בא אונדז אין קאָלווירט איז געווען זייער אסאך פערד. אלע געזונטע, מיט קײַלעכיקע בײַכלעך, ס׳איז אזש געווען א שרעק א קוק צו טון, ווי זיי פלעגן זיך לאָזן לויפן איבערן פעלד.

אָך, איז דאָס געווען פערד! לייבן, טיגערס, אָד־לערס, ניט קיין פערד. אז עמעצער פון די קאָלווירט־לער פלעג דערציילן א פרעמדן פון אן אנדער יישעוו וועגן אונדזערע פערד, איז יענער געשטא־נען מיט אן אָפן מויל, אויסגעסטאָרטשעט די אויגן און זיך געכידעשט:

— נו? סע קאָן ניט זײַן...

אז איך רעד פון אונדזערע פערד, דערמאן איך זיך אין „אָשערן"— א הויך פערדל מיט לאנגע דאַ־רע פיס. פאַרן מיט „אָשערן" אין וועג איז געווען בא אונדזערע קאָלווירטלער דאָס גרעסטע גליק.

— אָט דאָס הייסט א פערדל מיט א פיסק,— האָבן עלטערע גערעדט וועגן „אָשערן", און מיר, יאטלעך, זײַנען געשטאנען בא די זײַטן און געקליבן נאכעס.

3 - 218

איר ווילט אוואדע-וויסן, פארוואָס מיר האָבן גע־
רופן דאָס פערדל „אָשער“, וועל איך אײַך באלד
דערציילן.

בא אונדז אין קאָלווירט איז געווען א באָכער,
איינער פון די בעסטע קאָלווירטלער, האָט מען אים
גערופן אָשער. א יאט איז דאָס געווען א געזונטער,
מיט ברייטע פלייצעס און מיט קארע אויגן. דאָס פּאָ־
נעם זײַנס איז געווען אביסל געשטופלט, די באקן
שטענדיק רויט און צעהיצט. ער האָט אָפגעהיט די
פערד, ווי די אויגן. שטענדיק איז ער געווען אין
שטאל און אכטונג געגעבן, אז די פערד זאָלן האָבן
וואָס צו עסן און וואסער זאָלן זיי טרינקען צו דער
צײַט. פארטאָג און פארנאכט האָט ער געהאלטן אין
איין רייניקן די פערד. אז מ׳פלעג ארײַנגיין אין
שטאל, האָט געלויכטן פון יעדער ווינקעלע, די פער־
דעלעך האָבן געבליאסקעט אין די אויגן, ווי אויסגע־
מאָלטע...

אנומלט האָט אונדזער אָשער געבראכט צו פירן א
פערד פון שטאָט, א דארס, דער רוקן אָפגעבליאקע־
וועט, די ריפּן ארויסגעסטאָרטשעט, ווי רייפן. מיר
איז נאָר געפעלן געוואָרן. וואָס די פיס זײַנען בא
אים ווײַסע, ווי אײַנגעטונקען אין וואפנע.

— פון אָט דעם פערדל וועל איך מאכן א לײַט, —
האָט אָשער אלעמען צוגעזאָגט און פארזיכערט.

און טאקע, ווי נאָר ס׳איז אוועק דער ערשטער
כוידעש, האָט מען דאָס פערדל ניט דערקענט.

— ס'איז געוואָרן א גוט פערדל.
— א ליאלקע...

אז אונדזער אָשער איז אוועק אין דער אַרמֵיי, האָט ער עפּשער טויזנט מאָל אָנגעזאָגט, אז די פערד זאָל מען היטן, ווײַל ער האָט אין זיי אַרײַנגעלייגט געזונט; באַזונדערס זאָל מען אכטונג געבן אפן הויכן פערדל מיט די ווײַסע פיס.

מ'האָט אים דאפקע צוגעזאָגט און זייער פײַן ארויסבאגלייט.

פון דעמאָלט אָן האָט מען גערופן דאָס פערדל „אָשער". צווישן אלע פערד איז דאָס געווען דאָס בעסטע.

מיט „אָשערן" האָט מען זיך געצאַצקעט.

ס'איז אוועק א שטיק צײַט.

אין איינעם א טאָג גיי איך אַזוי פון דער שול אַהיים אַביסל פארטראכט, זע איך, ווי אונדזער „אָשער" שטייט אין א גרויסער קאַליוזשע, די שיטערע בלאָטע דערלאַנגט אים ביזן בויך. דער גרויסער וואָגן, ווי א וואַגאָן איז אָנגעלייגט פול און פול מיט פּעק-לעך און זעקלעך, און באָרעכ-איטשע דער בורמילע קנאַקט מיט דער בײַטש, אַזש די הויט צעטריסקעט זיך בא „אָשערן"...

ס'האָט מיר א ריס געטאָן אין הארצן...

איך בין גאָר נאָענט אונטערגעגאנגען מיט אַזא געפיל, ווי מע וואָלט מיר אין די אויגן אָנגעשאָטן זאמד.

— וואָס האָט איר ניט ראַכמאָנעס אַפּ קיין פערד? אײַך איז ער גרינג אָנגעקומען?.. כ׳וועל דערצײלן שטײנבערגן... מײַן וואָרט, כ׳ל דערצײלן. (שטײנבערג איז דער פּאָרזיצער פון אונדזער קאָל־ווירט).

האָט ער זיך אַפּ מיר צעשריען, באָרעכ־איטשע.

— פּאָשאָל וואָן פונדאַנען, דו ווילסט איך כאַפּן אַ פּאָר שמיץ מיט דער בײַטש?..

איך האָב געזען, ווי זײַנע ליפּן זײַנען באַוואַשן געוואָרן מיט זייפּ־מילינקעס.

מײַן געדאַנק האָט מיר אונטערגעזאָגט, וואָס איך דאַרף טון: וואָס ווינציקער כ׳וועל זיך אויסטײַנען מיט באָרעכ־איטשען, וועט פאַר אונדז ביידן געזונ־טער זײַן.

איך בין אַוועקגעגאַנגען צום כאַווער שטײנבערג און דערצײלט אים די גאַנצע מײַסע, ווי אונדזער „אָשער" שטײט ביזן בויך אין בלאָטע און רײַסט זיך מיט אַלע קויכעס, און דעם גרויסן באַלאָדענעם וואָגן קאָן ער בעשומויפן ניט אַרויסשלעפּן...

— כאַווער שטײנבערג,— שרײַ איך,— ער וועט דאָך אים דערהאַרגענען אַפּן אָרט, כאַווער שטײנבערג, ער וועט בא אונדזער „אָשערן" לעבעדיקערהײט אַרויסשלעפּן די קישקעס, מײַן ערן וואָרט...

איך וויל אײַך גלאַט ווײַטער ניט דערצײלן, וואָס דער כאַווער שטײנבערג האָט מיר אָפּגעענטפערט, נאָר פאַרדראָסן האָט עס מיך ביז ווייטעק.

— גיי, — זאָגט ער, — ייִנגעלע, זיך לערנען, און ס׳איז ניט דײַן דײַגע מישן זיך צווישן פערד. ס׳איז פאַראַן בײַ אונדז אָן דיר גוטע באַלעבאַטים...

אַף מאָרגן אינדערפרי האָט זיך איבערן גאַנצן ייִשעוו צעטראָגן, ווי אַ ראַדיאָ־כוואַליע, אַז אונדזער „אָשער“ ליגט אין שטאַל, די פיס זײַנען בײַ אים פאַרגליווערט און שטאַרצן אינדערהייך, ווי דרענגלעך.

איך ווייס ניט, וועמען ס׳האָט נאָך אַזוי געאַרט, ווי מיך, ווײַל קיינער איז אַפילע ניט געגאַנגען אין שטאַל אַרײַן אַ לעצטן קוק טון אַף אים...

דער כאַוועער שטיינבערג האָט זיך מיר געשעמט קוקן אין די אויגן, איך האָב דאָס געפילט.

וואָס מער מיט אַ טאָג, אַלץ ווייניקער פערד איז בײַ אונדז געוואָרן, ווײַל ווער ס׳האָט געוואָלט, איז געוואָרן אַ באַלעבאָס איבער די פערד.

איך האָב אים דאַפקע עטלעכע מאָל דערמאַנט, דעם כאַוועער שטיינבערג, פלעג ער מיר שטענדיק געבן איינעם און דעמזעלבן ענטפער:

— ס׳איז פאַראַן אָן דיר, ייִנגעלע, מענטשן, וואָס זאָלן זאָרגן...

איינער אַליין, האָב איך פאַרשטאַנען, וועל איך דאָ גאָרניט מאַכן. מע מוז נאָך האָבן צו זיך אַ גוטע קאָמפּאַניע כעוורע.

נאָכדעם, ווי ס׳האָט זיך געטראָפן דער אומגליק מיט „אָשערן“, קום איך אַף מאָרגן צו גיין אין שול אַרײַן (בײַ אונדז אין ייִשעוו איז פאַראַן אַ פּיריאָריקע

שול). איך הער, ווי פון דער קלענסטער גרופּע ביז דער סאַמע גרעסטער, סײַ די קינדער און סײַ די לערער רעדן וועגן אונדזער באַליבטן טראַגיש־אומגעקומענעם פערד „אָשער“.

— איז דאָס געווען אַ פערד, מ־מ־מ־צאַ! אַך, אַ פערד! — אַזוי טוט אַ זאָג אונדזער לערער באָרעך און טוט דערבײַ אַ סמאָטשקע מיט די ליפּן. — ס'איז אַ גרויסע פּראַגע, ווען דער קאָלעקטיוו קאָן נאָכאַמאָל זען אַזאַ פערד.

— מײלע, פונעם ריידן ווערט גאָרניט אַרויסקומען. פאַרשטייט זיך, ס'איז אַוואַדע אַ גרויסער ווייטעק, וואָס אונדזער „אָשער“ איז אַזוי יונג אַוועק פון דער וועלט, און אויב איר ווילט וויסן, האָט באָרעך־איטשע דער בורמילע (דעם גרעסטן מײלעך אין זײַן טויט יאָ, יאָ...

— אַ פּאָהאַנער מענטש... אַ שעדיקער.

— נאָך מער פאַלט די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט אַפּן כאַווער שטיינבערג. ווען ער זאָל געווען האָבן אַ פּאָר שאַרפע אויגן, וואָלט געוויס צו אַזעלכס ניט דערגאַנגען...

— איך בין מער ווי זיכער, אַז אַזאַ סאָף וועט זײַן מיט אַלע אונדזערע פערד...

אײדער מיר האָבן אָנגעהויבן דעם לימעד, האָב איך געזאָגט צו די כעווריע:

— אַזויווי מיר זײַנען די עלטסטע גרופּע, דאַרפן מיר זען עפּעס טון. מיר זײַנען, דאַכט זיך, אַלע פּיאָנערן.

האָבן זיך בעוורע ארופגעכאפט אפ מיר. א טייל האָבן געהאלטן, אז איך בין גערעכט, און מע דארפ זיך צו עפעס מאמאָשעסדיקס דערשלאָגן. און אנדערע זײַנען געווען קעגן מיר,—ניט דאָס איז אונדזער אר־בעט, זאָלן זאָרגן וועגן דעם די עלטערע. און נאָך אלעמען, וועט אונדז קיינער ניט וועלן הערן.

אזוי אָדער אנדערש, מיר האָבן אויסגעטיילט דרײַ יאטן, וואָס דארפן באלד נאָכן לימעד אָפּהאלטן א זיצונג און ערנסט באטראכטן די פראגע וועגן אונד־זערע פערד.

און אזוי האָבן מיר געטאָן.

איך, ווי אן איניציאטער, בין דער פאָרזיצער פו־נעם דרײַלינג.

— בעוורע, — זאָג איך צו זיי, — מיר דארפן קו־מען צום כאווער שטיינבערג און ריידן אָפן, אז מיר נעמען שעפּטום איבערן שטאל און מיר וועלן אכטונג געבן אפ די פערד.

וואָס פאר אן ענטפער ער קאָן אונדז געבן, האָבן מיר ניט געוווּסט.

אונדזער באשטימונג האָבן מיר איבערגעגעבן דעם וואָזשאטן. ער האָט אונדז בעפּיירעש געזאָגט, אז אונדזער אופטו איז זייער א גוטער, דערבײַ האָט ער אונדז דערקלערט, וואָס פאר א קאָלאָסאלע אר־בעט מיר וועלן אָפּטון, און האָט אונדז פארזיכערט, אז ער וועט אונדז אומעטום און שטענדיק קומען צו הילפ.

אלע דרײַ פילן מיר זיך אזוי גוט, ווי מיר וואָלטן געפלויגן אפ אַן אעראָפּלאַן.

מיר זײַנען געקומען צום פאָרזיצער פון קאָלווירט.

צוערשט האָט דער כאַווער שטײנבערג גענומען אונדז באַטראַכטן, וואָס פאַר א יאַמ האָט אונדז פאַרוואָרפן צו אים. ער האָט געקוקט מי[illegible] זײַנע כיטרע אויגן און געוווּסט, אז דאָס דאַ[illegible] מײַן ארבעט.

— וואָס־זשע ווילט איר פון מיר? — פרעגט ער אונדז.

מיר ווייסן אלע, וואָס מיר ווילן און נאָך וואָס מיר זײַנען געקומען, נאָר קיין געניטעם פלאַן אף די הענט האָבן מיר ניט געהאַט.

איך שפרינג ארויס דער ערשטער.

— „אָשער“ איז געפײַגערט, און אויב איר ווילט וויסן, זײַנט איר דער שולדיקער, איר, כאַווער שטײנבערג...

זײַן געל בערדל האָט אָנגעהויבן ציטערן, גיך־גיך האָבן זיך צעפינטלט די אויגן.

— וואָס־זשע ווילט איר, פרעג איך אײַך?..

— מיר ווילן אָט וואָס, — זעצ איך פאָר אביסל א באַרויִקטער, — אונדזער גרופּע זאָל זײַן א שעפ אף דער שטאַל.

ווי איך געדענק נאָך, האָט ער דעמאָלט, נאָך מײַן היציקער רעדע, פאַרלייגט די הענט אף הינטן, אָנגעבויגן דעם קאָפּ און צוגעזשמורעט די אויגן.

— וואָס מיינט איר, אַז בײַ אונדז איז פֿאַראַן לאָ־שעקלעך און איר וועט קאָנען פֿאָרן אױף זײ רײַטנ־דיק? עפּעס מיינט איר, אַז דער קאָלעקטיוו איז אַ קינדער־שפּיל. וואָס הייסט, מיר וועלן איבערגעבן אין אַנדערע הענט די שטאַל? וואָס טראַכט איר, איך בין אַראָפּ פֿון זינען, צי וואָס?.. גייט אײַך פֿונדאַנען און זוכט זיך פּאַסיקערע אַרבעט.

דער כאַווער שטיינבערג האָט אונדז איבערגעלאָזט שטיין, און אַליין איז ער אַ דערצאָרנטער אַוועק פֿון אונדז.

דאָס האָט אונדז אונטערגעצונדן און פֿאַרדראָסן נאָך מער, ווי זײַן אַרט ריידן.

געקומען זײַנען מיר צוריק אין שול און געהייסן צונויפֿרופֿן אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון אַלע כעווריע. מיר האָבן דערציילט, אַז מיר זײַנען געווען בײַם כאַווער שטיינבערג, און וואָס ער האָט אונדז געענטפֿערט. זאָלן זיך די כעווריע אַרויסזאָגן, וואָס דאַרפֿן מיר טון...

— ווער וויל אַ וואָרט?

דער כאַווער בערל, אונדזער לערער, איז געווען זייער בייז; פֿאַרשטייט זיך, ניט אױף אונדז, נאָר אױפֿן פֿאָרזיצער פֿון קאָלווירט. בעשאַס ער האָט געהאַלטן זײַן רעדע, האָט דער כאַווער בערל אים עפּעס אָנ־גערופֿן מיט אַזעלכע נעמען, וואָס מיר און אַסאַך אַנדערע כעווריע איז דאָס געווען שווער צו פֿאַר־שטיין. נאָר געזען האָבן מיר אין אים, אַז ער איז

מיט אונדז, מיר זײַנען גערעכט און האָבן די פולע רעכט צו פֿאָדערן.

אַפֿן צווייטן טאָג לאָזן מיר זיך נאָכאַמאָל גיין צום פּאָרזיצער פֿון קאָלווירט — צום כאַוועד שטיינבערג.

גיין גייען מיר שוין ניט אינדרײַען, נאָר פֿינף מענטשן מיטאַמאָל — דער דרײַלינג און דער „וואָזשאַטע" מיטן כאַוועד בערל.

איך דאַרף זאָגן, אַז דעם כאַוועד בערל האָבן מיר ליב ניט נאָר ווי אַ לערער, נאָר אויך ווי אַ גוטן, איבערגעגעבענעם עלטערן כאַוועד.

וויפֿל מאָל איז טאָג קומען צו אים אונדזערע עלטערן זיך האַלטן אַן אייצע מיט אים אָדער עפּעס פֿרעגן אַ נײַטיקס! —

קליינע הערעלעך האָבן זיך ערשט ניט לאַנג געוומען שיטן אויף זײַנע באַקן. ער האָט געטראָגן אַ פּאָר ביינערנע ברילן, וואָס האָבן פֿאַרשטעלט אַ האַלבן פּנים. זייער מאָדנע איז פֿאַר אונדז געווען, ווען ער פֿלעג אַראָפּנעמען די ברילן אויסצווווישן די גלעזלעך.

מיר האָבן זיך געשעמט פֿאַר אים.

— דאָס איז דען דער כאַוועד בערל? ניין, דאָס איז אַ פֿרעמדער, ניט קיין היימישער פּנים.

האָט ער אָנגעטאָן די גרויסע אָקוליאַרן — יאָ, דאָס איז ער, דער כאַוועד בערל, אונדזער לערער, אַן אייגענער...

מיטן וואָזשאַטן און מיטן כאַוועד בערל האָט דער פאַרוואַלטער פונעם קאָלווירט געדעדט גאָר אַנדערש. מיר האָבן זיך אונדזערס דערשלאָגן.

קיין סאַך צײַט האָט ניט געדויערט, מע האָט אַוועקגעשטעלט אַ מענטשן איבער די פערד, און מיר אינדרײַען זײַנען אויך פאַרבליבן בײַ דער שטאַל.

מיר האָבן אַכטונג געגעבן, אַז אונדזערע פערד זאָלן האָבן וואָס אָפּצועסן און טאַקע צו דער זאַט.

טאָמער האָט זיך געמאַכט, אַז מ'פלעג קומען פון דער שטאָט און דערנאָך וועלן דאָסזעלבע פערדל טרײַבן ווײַטער, לאָמיר זאָגן ערגעץ אין אַ דאָרף, האָבן מיר ניט דערלאָזט.

— אונדזער בריגאַדע וועט ניט דערלאָזן, אַז אַ פערד זאָל פאַלן פאַרמאַטערט. געקומען צו פאָרן, איז אָפּגעפירט דאָס פערד גלײַך אין שטאַל אַרײַן און געלאָזט אים זיך אָפּרוען.

אַזוי דאַרף זײַן, און אַזוי האָבן מיר געטאָן.

פריִער איז דאָס געווען אַ גאַנץ נאָרמאַלע זאַך אַרומיאָגן אַ גאַנצן מעסלעס די פערד, אָבער איצט דערלאָזן מיר ניט—דאָס פערד דאַרף זיך אָפּרוען. מעג קומען דער פאַרוואַלטער אַליין, וועט מען אַ פאַרמאַ־טערט פערד ניט אַרויסגעבן.

דעם מענטשן, וואָס מע האָט געהאַט אַוועקגע־שטעלט אין שטאַל, האָט מען גערופן בענצי סמיק. אָט דער בענצי סמיק האָט דײַקע ליב געהאַט פערד.

אין מעשעכ פוג א קליין שטיקל צײַט זײַנען די פערד בא אונדז געוואָרן לײַביקע, אויסגעפּאַסעטע, מיט קײַלעכדיקע בײַכלעך און פעטע פלײשיקע רוקנס — א כײַעס אפ זיי א פאָר טונ ערגעצ.

---

בא אונדז אינ קאָלווירט איז פאראנ איינער, רופט מענ אים קיסיל דער טעפער. ער וווינט מיט אונדז אינ איינ ייִשעוו שוינ דאָס פינפטע יאָר, און כאָטש ער האָט געוואָרפנ זײַנע טעפ און אופגעהערט ארומפאָרנ איבער די יארידנ, דאָכ איז דאָס געוועזנ א ייִד, וואָס האָט ליב געהאט זיכ א דריי טונ אהער און אהינ און מאכנ א קארבאטש...

א־יאָ, איר ווייסט ניט וואָס דאָס הייסט? אָבער קיסיל דער טעפער ווייסט דאָכ זייער גוט, וויאזוי מע מאכט עס. נו, אָט וועל איכ אײַכ באלד דערציילנ א שיינע מײַסע מיט אָט דעמ קיס־לנ, וויאזוי ער האָט מיט איינ פאָר געוואָלט פארדינענ ניט איינ קארבאטש, נאָר עטלעכע גראָבע קערבלעכ מיטאמאָל.

פריִער פאר אלצ, מוז איכ אײַכ זאָגנ, אז ער האָט ליב זיכ מאכנ טאמעוואטע, אז מע רעדט ניט קיינ אנגענעמענע רייד וועגנ אים.

בא קיסילנ זײַנענ קליינע אייגעלעכ, און די גרויע באָרד פארשטעלט אים, ווי מיט א שמאטע, דאָס פּאָנעם.

אנומלטנ קומט צו גיינ אינ שטאל קיסיל דער טעפער און בעט, מע זאָל אים געבנ א פערד, ער דארפ פאָרנ וועגנ א וויכטיקנ איניענ אינ שטאָט ארײַנ.

ער דערלאנגט אַ צעטעלע פונעם זאווכאָז, אַז מע דארף אים איַינשפּאנען אַ פערד.

פרעגט אים בענצי סמיק:

— איַיך מיטגעבן אַ מענטשן?

— ניין, — האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, — איך דארף ניט קיין מענטשן. אַזויווי איך פיר אַ פערד, מעגן זיך אַלע באַלעגאָלעס לערנען בא מיר. אונדזערע לי־ווערצאנטן האָבן מיך געקענט.

מיר האָבן אים איַינגעשפּאנט דאָס ראבע פערדל, אים ארייַנגעשטעקט אין דער האנט אַ בייַטש און —

— פאָ — הא — ניַי — יי...

אונדזער פערדל האָט אַ טראָג געטאָן דאָס וועגע־לע, קיסיל דער טעפער איז שיר ניט ארויסגעפאלן, און מע איז זאַלבאַדריט — קיסיל, דאָס ראבע פערדל, דאָס וועגעלע — אַוועק מיטן וועג אין שטאָט ארייַן.

אַ שטויב האָט זיי נאָכגעיאָגט העט־העט, ביז דאָס פורל איז ארונטער אונטערן האָריזאָנט.

געוווּסט האָבן מיר, אַז אומקערן זיך פון שטאָט דארף קיסיל דער טעפער אַזייגער פינף באַטאָג.

ס'איז אונטערגעפאלן דער אָוונט, אַ שיינער זו־מערדיקער אָוונט, מיר קוקן ארויַס מיט אומגעדולד אַפן טעפער, און ער איז אַלץ ניטאָ.

— עפּשער האָט מען אים פארהאלטן אין שטאָט? — פּרוּווּן מיר טרעפן.

מיר טוען אַ טיפן קוק אַפן שליאַך, זעען מיר, ווי קיסיל דער טעפער פאָרט פּאַוואָלינקע, ניט־געיַילט,

זינגט זיך אונטער, דאָס פערדל שפּאַנט זיך טראָט בײַ טראָט. אונדזער קיסיל זיצט טיף אין וואָגן און שאָקלט זיך צו מיטן קאָפּ.

מיר זײַנען אים אַרויס אַנטקעגן מיט אַ ברייטן שיינעם גוט־אָוונט. אינדרויסן האָט געטונקלט.

— אײַ, אַ וועג... נו, אַ וועג... — קלאָגט ער זיך פֿאַר אונדז.

ער האָט אַליין גענומען אויסשפּאַנען און פֿירט דאָס ראַבע פערדל אין שטאַל אַרײַן, די מאָרדע פֿונעם פערד ליגט באַהאַלטן הינטער זײַן פּלייצע.

— וווּ זאָל איך אים שטעלן, דעם פערד דײַנעם?

— אָט דאָ, אָט דאָ, — ווײַזט איך אים אַן אָרט.

דאָס פערדל האָט זיך פּלוצים צעהירזשעט.

— ע, — רופֿט זיך אָפּ בענצי סמיק, — ס'איז עפּעס ניט דאָס פערד.

בײַ מיר איז דאָס בלוט אַנטרונען געוואָרן...

ער מאַכט זיך ניט־וויסנדיק, קיסיל דער טעפּער. די קליינע אייגעלעך זײַנען אים אַרײַן אין קאָפּ, דער פּאָנעם איז ווי באַדעקט געוואָרן מיט אַ רעדנע.

דער טעפּער מאַכט זיך טאַמעוואַטע...

האָבן מיר אַרומגערינגלט קיסילן און לאָזן אים שוין ניט אָפּ.

— פֿײַער, — באַפֿוילט בענצי.

— אַ לאָמפּ זאָל מען ברענגען! -

דער טעפּער וויל זיך אַרויסרוקן פֿון דער פּינצט... רער שטאַל און מאַכן אַן אָפּצי... איך האָב זיך אָנגע-

קלאמערט אינ זײַנ פארשמאָלצעװעטנ פידזשאק, װי אינ א צוים, ביז מ'װעט ארײַנטראָגנ א לאָמפּ...

אז ס'איז געװאָרנ ליכטיק, קוקנ מיר זיכ ארומ. דאָס פערדל איז טאקע ראב, נאָר דאָס רעכטע אויג איז אויסגערונענ אונ די הויט אפנ רוקנ צעיאטרעט...

— דאָס איז אונדזער פערד ?.. — פרעגט שוינ בא אימ בענצי מיט א געשריי.

— שא... שא... — װיל אונדז קיסיל בארויִקנ, — קיינ קלויסטער האָב איכ בא אײַכ ניט צוגעגאנװעט. איר האָט מיר ארויסגעגעבנ א פערד, האָב איכ אימ אײַכ געבראכט, אונ טשעפּעט זיכ אָפּ פונ מיר.

— איר האָט דאָכ געבראכט א שקאפּע, קיסיל...

— אונ דער ראבער פערד װאָס איז געװענ — ניט קיינ שקאפּע ?

— איר װייסט דענ ניט ? א זשערעב, קיסיל...

— איר זײַט שנעקעס, איר װייסט ניט, װאָס איז אזוינס א פערד. אנ עמעסע שקאפּע, זאָל מיכ גאָט אזוי בענטשנ, װי איכ זאָג ניט קיינ ליגנ. אײַער פערדל איז א שקאפּע... אונ... װאָס װילט איר פונ מיר ? איכ זאָל אײַכ מאכנ א זשערעב ?

מיט קיסיל דעמ טעפער װאָלט מענ זיכ לאנג באדארפט קריגנ. מיר האָבנ זיכ אלע געהיצט, געשפּרונגענ אימ אינ פּאָנעמ ארײַנ, אונ ער איז געװענ קאלט אונ אײַנגעשפּארט, געענטפערט איינ װאָרט אפּ צענ.

איכ האָב באלד פארשטאנענ, אז דער טעפער האָט דאָ אָפּגעמאכט ניט קיינ גאָר שיינ געשעפט.

ער האָט געמיינט, אז ער וועט קומען פארנאכט, אינדרויסן איז טונקל, אינ שטאל איז פינצטער, וועט ער קאָנען פארליידן די ציינ.

— ווו איז אונדזער פערד? — שרייען מיר אלע מיטאמאָל.

— אונדזער פערד זאָלט איר אונדז ברענגען...

— שוינ...

— באלד...

— טייקעפ... איר הערט, רעב קיסיל?..

בענצי סמיק האָט אים אָנגענומען פארנ אקסל אונ א ציי געטאָנ צו זיך אונ געקריצט מיט די ציינ.

— הערט נאָר, רעב ייִד, וועמענ־וועמענ, נאָר מיך וועט איר ניט נארנ. זאָגט מיט קלאָרע דיבורים, ווער איז איצט דער באלעבאָס פונ אונדזער ראבנ פערד. פאר אזוינע זאכנ וועט מענ ניט נאָר אייך זעצנ אינ דאָפּר, נאקעט וועט מענ אייך אויסטונ... האָט ניט קיינ פאריבל, איר זייט א גרויסער פאָדליעצ, קיסיל, איר הערט... א ייִד א פארכ זייַנט איר... שוינ שפאנט מענ א שפאנ אונ מיט דעמ כעוורעמאנ, — האָט ער אָנגעוויזנ אפ מיר, — וועט איר פאָרנ אָפנעמענ דאָס פערד.

— בענצי!.. רעב בענצי, איר זייַט דאָך א ייִד מיט פארשטאנד, וואָס רעדט איר עס, רעב בענצי?..

דער טעפּער האָט אים אייַנגערוימט א סאָד אפנ אויער.

— פע... פע... — האָט בענצי סמיק מיעס אייַנגעקנייטשט די נאָז אונ זיך צעפעקעט.

קיסיל דער טעפּער האָט עטלעכע מאָל געריפּן בענציין מיטן פינגער, אַז מיר זאָלן ניט באַמערקן. פאַר מיר איז דאָס געווען זייער לעכערלעך. אָט אַזוי קאָן מען נאָר מאַנען אַ קינד מיט אַ זיסער צו־קערקע.

בענצי סמיק האָט אָפּגעוואָרפן מיט דער האַנט און איז אָפּגעלאָפן פון אים אַף אַ פּאָר שפּאַן.

— איי־איי... איך וויל גאָרניט הערן פון אייך.

מ׳האָט צוגעגרייט דעם שפּאַן, קיסיל דעם טע־פּער האָט מען געמוזט אַריינזעצן אין וואָגן, אַליין האָט ער בעשומריפן ניט געוואָלט גיין. איידער דאָס פורל האָט זיך גערירט פון אָרט, האָט ער ניט אַנדערש געוואָלט פאָרן, ווי נאָר מיר אַלע זאָלן שווערן, אַז קיינער וועט קיין איבעריקן פּיפּס ניט טון, ווי ס׳איז גאָרניט געווען...

קיסיל האָט מיר געוויזן דעם וועג, און איך בין מיט אים געפלויגן, ווי מיט אַן אווטאָ־מאַשין. בּאַ מיר האָט ער זיך אויך געבעטן, אַז קיינעם־קיינעם גאָרניט, קיין וואָרט... איי, בין איך געווען אַף אים אין קאַס, איך וואָלט אים אין וואָגן צעמאַלייצעט ווי...

אינקורצן.

אונדזער פערד האָבן מיר אָפּגענומען. ס׳איז אונדז ניט אַזוי גרינג אָנגעקומען, ווי איר קערט מיינען. מיר האָבן זיך גענוג געמאַטערט, אָבער קיסיל דעם טע־פּער וועלן מיר אַף אייביק האָבן צו געדענקען.

— אזא פאסקודנער ווערעמדיקער ייִד... אזא ספעקוליאנט...

---

אונדזער קאָלווירט האָט זיך געקליבן צו דער אל־געמיינער פארזאמלונג.

מאכן די פארזאמלונג אין שטוב איז הייס, ענג און דושנע, האָט דער פאָרזיצער פון קאָלווירט געזאָגט, אז די פארזאמלונג וועלן מיר דורכפירן אפ דער פרײַער לופט.

דער גאנצער ייִשעוו האָט זיך צונויפגעזאמלט.

די ערשטע פראגע אפן טאָג־אָרדענונג:

— ראפּאָרטן פון פארשיידענע בריגאדעס.

מיר האָבן געוווּסט, אז אונדזער ״שטאל־בריגאדע״ וועט אויך דארפן אָפּגעבן א ראפּאָרט פאר דער אל־געמיינער פארזאמלונג. פריִער מיט א טאָג צוויי זײַנען מיר געזעסן צוזאמען מיט בענציען.

מיר האָבן פארטראכט אָפּגעבן אונדזער ראפּאָרט גאָר אנדערש.

מ׳האָט געקאָנט באמערקן, אז אין שטאל האָט מען זיך געשושקעט, און ס׳איז געווען עפּעס א קלייניקער גערודער.

אפ אָפּגעבן א ראפּאָרט פון שטאל האָט באקומען דאָס וואָרט בענציע.

אין זײַנע הענט איז קיין פארשריבענער פּאפּיר ניט געווען, ווי בא אנדערע.

— כאווירים! — רופט זיך אָפּ בענצי צו דער גאַנ־
צער פארזאמלונג, — איך בעט איַיך אלעמען זיך אויס־
קערעווען מיט די פלייצעס צו מיר און מיט די פּע־
נעמער צום גרינעם פלאַץ.

איך האָב געגעבן א סיגנאל — מ׳האָט צעעפנט
די טויערן. פון דער שטאל זיַינען די פערד ארויס
איינער נאָכן אנדערן אין א ריי, אָרגאניזירט, אויס־
געפּאסעטע, ציכטיקע. די פארזאמלונג האָט אָנגע־
קוואָלן.

— געהאט האָבן מיר צען דארע פערד, איצט זיַיט
אזויפיל גוט און ציילט איבער, — זאָגט בענצי.

— פופצן, — האָט איינע א וויַיבל גיכער פאר אלע־
מען איבערגעציילט, און באלד גאָך איר האָבן זיך
געהערט שטימען, וואָס האָבן געקאָנט פרילישען.

— פופצן!

— פופצן!..

— און איצט, — זאָגט בענצי, — זעט, ווי אינדזערע
פערדלעך לויפן.

— היַי — דא — א!

מיט די ביַיטשן האָט מען געקנאקט אינדערלופטן.
אונדזערע פערדלעך זיַינען זיך צעלאָפן אין אלע זיַיטן
מיט א געשווינדן גאלאָפּ.

דער עולם האָט געלאכט און געפּאטשט מיט די
הענט.

— איר זעט?.. אָט דאָס, אייגנטלעך, — האָט פארענ־
דיקט בענצי, — איז מיַין ראפּאָרט.

ווען מע האָט די פערד צוריק אַרײַנגעטריבן אין שטאַל, האָב איך געבעטן די גאַנצע פאַרזאַמלונג זיך אויסקערעווען מיט די פּנעמער צו מיר.

— איין קלייניקייט וויל איך נאָך צוגעבן.

ס'איז געוואָרן שטיל. האָב איך אָנגעהויבן אַזוי:

— צוערשט וויל איך דערמאָנען אונדזער בעסטן פערד „אָשער", וואָס איז העלדיש פּריצײַטיק אומגעקומען אין דער גרויסער ב־אָטע. באָרעך־איטשע איז געווען דער מערדער...

דערנאָך האָב איך גענומען צום צימבל דעם פאָרזיצער פון קאָלווירט — כאַווער שטיינבערג, און געענדיקט האָב איך מיט קיסיל דעם טעפּער, וועלכן מ'האָט צו יענער צײַט שוין געהאַט אויסגעשלאָסן פון קאָלווירט און איבערגעגעבן צום געריכט.

מײַנע לעצטע ווערטער זײַנען געווען:

— מיר דאַרפן האָבן גוטע, געזונטע פערד, פּונקט אַזוי־ווי טראַקטערס.





— ווּ ווערט פארפאלנ מײַנ כאיִמקע ? — פרעגט די מאמע די שטובֿ־מענטשנ, אונ קײנער ווײסט ניט וואָס צו ענטפערנ.

— ס'איז דער עמעסער בּויאנ.

— אנ אויסוווּרפֿ...

— איר מעגט זיכ פרײענ מיט אײַער זינדל...

אזוי האָט מענ שטענדיק געזאָגט דער מאמענ, ווענ זי פלעג זיכ אומקערנ א מידע פונ דער ארבעט.

— איר מעגט אימ נעמענ אינ די הענט ארײַנ, עפּעס זײַנט איר דאָכ א מאמע.

— וויִ־אזוי־זשע נעמט מענ אימ אינ די הענט ארײַנ ? אדעראבּע, אויבֿ עס איז שוינ יאָ אזעלכע שכײנים. זאָלנ זיי זאָגנ, וואָס טוט מענ מיט אזא קינד, וואָס זי האָט, מיט אזא כאיִמקענ...

— פארשליסנ אפּ א שלעסעלע... א גאנצנ טאָג וואָלט ער בּא מיר געזעסנ אינדערהײמ, — אזא אײצע

גיט איר סאָפּיע אַראָנאָוונע, ווען די מאַמע פֿרעגט איר, וואָס זאָל זי מיט אים טון.

— ס'איז דען אַ קינד, ס'איז דאָך אַ שלימאַזל, — רעדט ווײַטער סאָפּיע אַראָנאָוונע, — אַז ער איז דאָ אינדערהיים, קערט ער איבער האָרע־קאָרע.

נאָר די מאַמע פֿאַרשטייט אַליין, אַז אינמיטן זו־מער, ווען אַלע קינדער שפּילן זיך אינדרויסן, טאָר מען ניט פֿאַרשליסן אַ קינד.

— נעכײַ וואָלט מען שוין בעסער געלערנט אַ גאַנצן זומער, — קומט די מאַמע צו אַזאַ מין אויס־פֿיר. — מע נעמט די קינדער און מע צעלאָזט זיי אויף צוויי צי אויף דרײַ כאַדאָשים און גאָר. נאָך איר סייכל נאָך, — טראַכט זי, — טאָר מען אַזוי ניט טון — זיי ווערן דאָך צעלאָזט, ווי די ווילדע ציגן.

גייט רעדט מיט דער מאַמען און זאָגט איר, אַז זי איז ניט גערעכט...

דאָס, וואָס די „גוטע" שכיינע סאָפּיע אַראָנאָוונע וואָלט אים דערטרונקען אין אַ לעפֿל וואַסער, וועגן דעם ווייסט כאַימקע זייער גוט. נאָר ער הערט זי, ווי זשאָרקע די פּאַסאַזשירן, וואָס ער פֿירט זיי אויף יענער זײַט דניעפּער צום פּליאַזש. ער ווייסט, פֿאַר־וואָס זי איז אויף אים באַרויגעז.

ס'איז קעדײַ אָפּגיך אַ מאָל טון, וואָס פֿאַר אַ בריִע דאָס איז, די סאָפּיע אַראָנאָוונע. לאַנג איז זי עפּשער ביז דער סטעליע און טראָגט אויף זיך לײַב מערער. ווי פֿינף כאַימקעס אינאיינעם גענומען. זי האָט אַ

פאָר אויגן, זײַנען זיי גרויס און שוואַרץ, ווי באַם קאַטשאַנ „סטרעקאָזאַ" — אַזוי רופט אים דער באַלע-גאָלע אַליין, וואָס ווײַנט בײַ זיי אין הויף. די באַקן זײַנען בײַ איר, בײַ סאָפּיע אַראָנאָוונע, שטענדיק רויט און אַ גוידער פאַרמאָגט זי, קאָן מען פֿון אים מאַכן אויבּ איך האָבּ ניט קיין טאָעס, צען העלדזער מיט-אַמאָל. מיט איין וואָרט, דאָס איז אַ ייִדענע, כאָטש נעם זי און פּיר זי אַפּ דער קייט אין צירק אַרײַן.

ס'איז אַ סאָפּיע אַראָנאָוונע... שוין איינמאָל אַ סאָפּיע אַראָנאָוונע.

די מאַמע האַלט פֿון איר. די מאַמע זאָגט, אַז דו וועסט אויסוואַקסן און דו וועסט זײַן אַזוי „גראַמאָ-טנע", ווי זי, „וואָלט איך מער ניט געוואָלט".

זי האָט אַ גרויס-געפּלאָכטענעם קויש, און ס'דאַכט זיך, אַז סאָפּיע אַראָנאָוונע האַלט אים ניט מיט די הענט, נאָר מיט אירע גרויסע פעטע מאַזוט-אויגן — בלינדערהייט וועט זי אײַ ... רעפּן צו יעדער אַרבּקאָאָפּ זי איז די ערשטע, וואָס דערשמעקט, ווו מע גיט ער-געץ קאָנפעקטן, און טראָגן טראָגט זי אַ פולע קע-שענע מיט זאַבּאָרנע בּיכעלעך.

פֿאַרוואָס איז זי אַפּ מיר באַ... ?

הערט:

זי איז אַ באַלן, אַז בעשאָס זי גייט אוועק אין מאַרק אַרײַן, זאָל איך שטיין לעבּן איר פענצטער און היטן די שטוב (מיר וווינען אַפּן ערשטן שטאָק).

ס'איז די עמעסע אַרבּעט. ווי געפעלט אײַך?..

טרעפט אמאָל, איך שטיי אזוי באַם פענצטער און וואַרט, ביז סאָפיע אראָנאָוונע וועט זיך אומקערן.

איך שטיי א שאָ און צוויי, און דריַ... סאָפיע אראָנאָווגע איז ניטאָ. נעם איך אין גיי אוועק מיט כעוורע זיך שפּילן. ווען איך קום צוריק צו גיין, דערהער איך אזעלכע גוואַלדן, אז די שויבן ציטערן—דער הויף איז א פולער, אַן אָנגעפּאַקטער.

א ווילדע, ווי א דייביכע, וואַרפט זי זיך אף מיר מיט די קולעקעס און שרייַט, אז מע האָט זי באַנאַנוועט.

— א ווינטערדיקן פּאַלטאָ האָט מען צוגענומען... א קאַראַקולנעם...

זי זידלט מיך מיט אזוינע ווערטער, אז איך האָב אזוינס אף מייַן לעבן ניט געהערט. א גליק, וואָס די צונויפגעלאָפענע מענטשן האָבן מיך אַרויסגעשטופּט און געהייסן לויפן, ווו די אויגן וועלן מיך טראָגן פון דעמאָלט אָן טראָגט זי אף מיר, סאָפיע אראָנאָווגע, א פאַרסאַמטן צאָרן...

— ס'וואַקסט באַ אייַך אזא בענאַק,—רעדט זי צו דער מאַמען,—אז אייַער גאַנץ לעבן וועט איר האָבן מיט אים צו זינגען און צו זאָגן.

— איך פייַף אף איר...

לעבן לעבט כאַימקע שוין אזוי גרויס, די אכט זומערס (דאָס מיינט ער אכט יאָר), און דער נייַנטער זומער דאָס איז הייַנטיקער זומער. זומער איז אזא צייַט, ווען כאַימקע פאַלט אַלעמען אין די אויגן, יעדערער קען אים, און ער קען יעדערן.

— כאַימקע גייט,—טײַטלט מען מיט די פינגער.
— איר זעט, אָן גייט ער...

צווישן די יאַטלעך אין זײַנע יאָרן איז ער אַן על־צטער. ער דערציילט זיי, וויאַזוי מע פליט אַרוף אַף אַ טראַמוויי, בעשאס ער יאָגט אַראָפּ־באַרג און שפּריצט מיט פײַערן, ווי מע שפּרינגט צוריק אַראָפּ פונעם טראַמוויי און מיבלײַבט מיטאמאָל שטיין.

— ס'א שרעק צו הערן, ווי ער דערציילט דאָס.

טראַמוויעַן זײַנען בא אים גאָרניט מיט נישט. אָט פאָרן אַפן אווטאָבוס צו דער נײַער סטאַנציע, דאָס איז אַ זאַך, און כאַימקע פלעג ווײַזן, ווי ער גייט אַרײַן גלײַך מיט אַלע מענטשן, און דאָרט ווערט ער אַנטרוינען, און די קאָנדוקטערשע קאָן זיך זיבן און זיבעציק מאָל אָפּדרייען דעם קאָפּ, וועט זי אים אָריך ניט געפינען.

— איך האָב שוין דאָרט אַזאַ קאָנורעקל,—דערציילט ער מיט היץ דער כעוורע,— אַז קיינער וועט זיך ניט דערוועגן אַ שמעק צו טון אַהין.

דאָס, וואָס כאַימקע דערציילט, איז אַלץ עמעס. ער האָט פאַר קיינעם ניט מוירע. ער לערנט די כעוורע, וואָס מע דאַרף טון, בעשאס מע פאַלט אַרונטער אונטערן טראַמוויי.

— אַז מע פאַלט אַרונטער אונטערן טראַמוויי,— דערקלערט כאַימקע,—דאַרף מען זיך אויסציען גלײַך מיט די שטיינער, ווי אַ סטרונע, און דעמאָלט מעגן אַף אײַך פאָרן טויזנטער טראַמוויען, הערט איר זיי, ווי זשאָרזשיק די פּאַסאַזשירן...

א גאנצן ווינטער האָט כאַימקע זיך געלערנט אין שול גלײַך מיט אנדערע קינדער. דער כילעק איז נאָר וואָס אסאך קינדער האָבן באקומען פּרעמיעס פאר גוט לערנען, און כאַימקע איז קוים־קוים אריבער אין דער דריטער.

אײידער מע האָט פארענדיקט דאָס לערניאָר, האָט מען ארײַנגערופן זײַן מאמען און איר געזאָגט:

— כאַווערטע מאמע, זײַט וויסן, אז אײַער כאַימקע שטײט אָפּ אפ אזעלכע און אזעלכע לימודים. מאטע־מאטיק ווײסט ער זײער שוואך, גראמאטיק קימאט ווי גאָרניט. — און די לערערקע האָט ווײַטער געלײענט דאָס צעטל, אפ וואָס כאַימקע דארף זיך אונטערציִען.

רופט זיך אָן די מאמע צו אים:

— נו, וואָס וועל איך מיט דיר טון, הא?

— וואָס־זשע וועט זײַן פון דיר? וואָס טראכסטו זיך?..

ער האָט געמוזט צוזאָגן דער לערערן, אז ער וועט זיך זומערצײַט אונטערציִען, איז אָבער כאַימקע—כאַימ־קע... און דער זומער איז זיך א זומער... דער צוזאָג איז אוועק מיטן ווינט.

ווײניק האָט געהאָלפן די בוקסיר־בריגאדע כאַימ־קען, ער האָט זי אוועקגעטריבן פון זיך, אָדער ער איז אלײן אנטלאָפן פון דער בריגאדע.

— כאַווערטע עטיע! — ווענדן זיך די קינדער צו דער לערערקע, — מיט כאַימקען קאָן מען גאָרניט מאכן. מיר זײַנען שוין אפילע געגאנגען צו אים אהײם

איך, און מיט דער מאמען זײַנער האָבן מיר גערעדט, און עס העלפט ניט, כאָווערטע עטיע.

פון דעמאָלט אָן האָט מען געקוקט אף כאַימקען, ווי אף א גאסט. אפילע די לערערן עטיע האָט אים זעלטן געפרעגט, צי ער האָט צוגעגרייט די פארגע־בענע ארבעט, צי ניט...

לעם באַזוב־צעטל זײַנען געשטאַנען א גרופּע קינ־דער און געלאכט: נאָך כאַימקעס פאַמיליע זײַנען גע־גאַנגען גרויסע נאָלן איינס נאָך איינס, ווי רעדער.

— ווידער?..

— נאָכאַמאָל ניטאָ?

אלע קינדער זײַנען גוטע, עכטע אָקטיאַבערלעך, אייניקע זײַנען אריבער צו די פּיאָנערן, כוץ כאַימ־קען. און כאַימקע הערט אַלעמען, ווי זשאָרזשיק די פאסאזשירן...

איר ווילט אוודע וויסן ווער איז זשאָרזשיק?

זשאָרזשיק איז דער, וואָס פירט דאָס מאָטאָר־שיפל אף יענער זײַט דניעפּער. זשאָרזשיק זיצט אפן שיפל מיט א האַלב־נאַקעט לײַב, די הויט א טונקל־פאַר־ברוינטע, אַזויווי בא א נעגער. ער פאַרמאָגט קליינע פלינקע אויגן, און גרינג זײַנען זיי, ווי אַגרעסן.

פון זינט מע פירט די מענטשן אפן פליאַזש, אָט פון יענער צײַט אָן זיצט ער, זשאָרזשיק, אפן מאָטאָר־שיפל און האָט שטענדיק צו טון מיטן אײַזערנעם הענטל.

מע באַווײַזט זיך ניט ארומקוקן, אזוי טוט ער א טרובע (ער האָט בא זיך אזא טרובע, ווי בא א קראָ־

סינ־פירער) אונ שווימט טייקעפּ אָפּ פונ ברעג. קיינ צוויי מינוט געדויערט ניט, אונ ער איז שוינ אפּ יע־נער זײַט.

אָט איז ער דאָ, אונ אָט איז ער דאָרט...

ער ווארט ניט, ביז די פּאסאזשירנ וועלנ זיכ אויס־זעצנ אפּ די בענק אונ זיכ גוט אײַנמאָסטענ—אָנגע־פּילט דאָס שיפל אונ פּארטיק.

דערפאר זײַנענ די פּאסאזשירנ אפּ אימ בארויגעז, נאָר ער הערט זיי פאר א דרײַער.

אפּ דער לינקער האנט טראָגט ער א שווארצ רי־מענדל, אונ ווענ ער האָט צײַט, שפּילעט ער עס אָפּ, נעצט אײַנ אינ וואסער אונ טוט עס אָנ.

כאִימקע האָט ליב גאנצענע טעג אָפּזיצנ באַמ ברעג אונ קוקנ אפּ יענער זײַט דניעפּער. דער טײַכ איז גרויס, בערלינעס אונ פּאראָכאָדנ שווימענ ארומ, ווי געגדז אינ א קליינ טײַכל.

לעבנ די פּריסטאנעס זײַנענ אָנגעוואָרפנ אסאכ זעק מיט שווערער מאסע, שטיקער געפלאָכטענע אײַ־זנס אָנגעוואלגערט, גרויסע ראָגעזשעס אונ קאסטנס אזוינע ארומגעגארטלט שטײַפּ מיט דראָט, אונ שטענ־דיק איז אפּ דער זײַט ברעג טומלדיק אונ ראשיק.

כאִימקע איז דאָ געוואָרנ מיט אלעמענ א גוטער ברודער. מע האָט אימ דאָ געקענט פאר אנ אייגענעמ.

געצויגנ האָט אימ אפּ יענער זײַט צומ פּליאזש. מע קאָנ זיכ קאטשענ אונ וואלגערנ אינ זאמד, וויפל דאָס הארצ גלוסט. פונדאנענ זעענ אויס דאָרט די מענטשנ

אזעלכע קלײנינקע, װי זשוקעלעך, די הײַזלעך, װי געלע קאַטשאַנעס—מע קאָן אַף די דלאָניעס אָנעמען צען שטיבלעך מיטאַמאָל און זיך אַרומטראָגן מיט זײ װי מיט שפּילעכלעך.

װיאַזױ־זשע פּעקלט מען זיך אַריבער אַף יענער זײַט?..

דאָרט, װו זשאָרזשיקס מאָטאָרטשיקל שטעלט זיך אָפּ, איז אין אײנעם אַ פּרימאָרגן אױסגעװאַקסן כאַימקע.

ער איז אָפּגעשטאַנען אַ שאָ, צװײ, דרײַ...

— עך, װען דאָ זאָל זײַן אַ טראַמװײַ אָדער אַן אױטאָבוס,—טראַכט ער בײַ זיך,—װאָלט איך זיך שױן געפונען אַ װינקל...

און דאָ ציטערט, פונדעסטװעגן, בײַ אים דאָס האַרץ.

— װאָס טוט מען, אַז מע פּאַקט?.. ניט אַראָפּגײן װעט מען אים הײסן און ניט קײן מיליציאָנער װעט מען צורופן,—גלײַך אין דניעפּער װעט מען אַרײַנװאַרפן... ער װיל ניט, אַז מע זאָל אים אַרײַנװאַרפן אין דניעפּער אַרײַן, שױן בעסער... בעסער שטײן און קוקן...

זשאָרזשיק האָט אים באַמערקט שטײן.

— דאַרפסט עמעצן, ייִנגעלע?

— נײן איך דאַרף קײנעם ניט...

— װאָס־זשע שטײסטו דאָ די גאַנצע צײַט?

— איך װיל אַף יענער זײַט...

— קױפט מען אַ בילעט.

— א דאנק... איך האָב קײן געלט ניט.

— נו, טאָ קריך אזוי ארײַן!..

— און אפצוריק?..

— װילסט נאָך אפצוריק אויך?.. גוט, װארפ זיך ארײַן. איך װעל דיך נעמען אפצוריק אויך.

װײ־װײ, װאָס פאר א גליק עס איז געװען פאר כאַימ־קען. אָט איז ער איצט אינמיטן דניעפּער, די כװאַליעס שלאָגן זיך אָן אין די װענטלעך. קײן קאָפּ מוירע האָט ער ניט.

זשאָרזשיק האָט אים אָנגענומען פארן קאָפּ האָר און אים אװעקגעזעצט לעבן זיך.

— װי רופט מען דיך, ייִנגעלע?

— כאַימקע, װאָסי דען?

— װילסט מיט מיר פאָרן אלע טאָג?

— יאָ, איך װיל, אפילע באנאכט אויך...

האָט ער זיך צעלאכט, זשאָרזשיק, מיטן פולן מויל.

— באנאכט פאָרט מען ניט, באנאכט גײט מען אהײם שלאָפן.

ס'איז אװעק עטלעכע טעג, און כאַימקע איז שוין געװען א גאנצער קאפּיטאַן אפן שיפל. דאָס קופּערנע טרומײטל האָט ער פון די הענט ניט ארויסגעלאָזט, און װי נאָר זשאָרזשיק פלעג אים א שטורכע טון, אזוי פלעג ער גלײַך אָנהײבן טרובען.

דאָס שיפל איז אװעק אין טאנץ אף די כװאליעס.

ער פלעג שוין קײן מוירע ניט האָבן זיך אװעק־צושטעלן גלײַך, אויסגעראַסטעט אף דעם דעק פון

שיפל. דער ווינט שמײַסט אין פּאָנעם אַרײַן, די פלי־
דערלעך בלאָזן זיך אָן, ווי אַ זעגל.

— אַ קאַפּיטאַן וויל איך זײַן... אַ קאַפּיטאַן...

אַהיים קומט כּאַיִמקע שפּעט, ווען אַלע קערן
זיך אום פון פליאַזש. פרעגט די מאַמע זײַנע בײַ אים:

— ווו ווערסטו פאַרפאַלן אויף אַ גאַנצן טאָג?

נאָר ער דערציילט קיינעם גאָרניט. ער וואָלט וועלן
איר פאַרלייגן איין זאַך: ווען בײַ איר וועט זײַן אַ
פרײַער טאָג, זאָל זי פאָרן אויפן פליאַזש, וועט זי אים
פאַרשפּאָרן פרעגן, ווו ער ווערט פאַרפאַלן... זי וועט
זען מיט אירע אייגענע אויגן, אַז די רעכטע האַנט בײַ
זשאָרזשיקן אויפן מאָטאָר־שיפל איז ניט קיינער, ווי נאָר
כּאַיִמקע אַליין.

אַנומלטן האָט ער באַמערקט, ווי אין שיפל האָט
זיך אַרײַנגעזעצט אַ באַקאַנט ייִנגל, — ס׳איז דאָך מאָ־
סייקע... דער פאָרזיצער פון שול־ראַט. צוליב וואָס
דאַרף ער נאָך גיין אויפן פליאַזש, אַז ער איז אַזוי אויך
שוואַרץ, ווי אַ ציגײַנער?

מאָסייקע איז געווען אַ ייִנגל פון אַ יאָר צוועלף־
דרײַצן. אַ קליין קעפּל זיצט בײַ אים פעסט אויפן האַלדז,
שוואַרצע קוטשעראַווע האָר, ווי קליינע בייגעלעך,
זײַנען געדיכט צעשאָטן איבערן קאָפּ.

כּאַיִמקע קען אים זייער גוט.

אַז ער האָט פאַרענדיקט דאָס לערניאָר און איז
אַריבער אין דער זיבעטער גרופּע, האָט מען אים
אונטערגעטראָגן אַ פּרעמיע.

פארוואָס־זשע שעמט ער זיך פאַר אים, כאַימקע?

ער האָט זיך עפּעס פלוצים אַזוי פאַרשעמט פאַר אים, אַז ער ווייסט ניט ווו זיך אַהינצוטון. און דאָ טוט ער זיך אַ דערמאַן וועגן דער זעלבסטפאַרפליכטונג, וואָס ער האָט נאָך אָנהייב פרילינג געגעבן מאָסייקען. מאָסייקע האָט דעמאָלט גענומען אַ בלעטל פּאַפּיר, און כאַימקע האָט אָנגעשריבן אויף דעם אַזוי־פיל פונקטן. וועגן דיסציפּלין און וועגן די העפטן, וואָס זײַנען בײַ כאַימקען שטענדיק אַזוי צעפּליקט און פאַרדראָקעט, וועגן אונטערציִען זיך אויף מאַטעמאַטיק און שפּראַך, און נאָך אַסאַך פונקטן, וואָס ער געדענקט זיי שוין אַפילו ניט.

און ער פילט זיך אַזוי שולדיק פאַר מאָסייקען, גלײַך ווי ער וואָלט עפּעס צוגעגאַנוועט בײַ אים. ווען ניט אָט די זעלבסטפאַרפליכטונג, וואָלט ער דאַפקע געוואָרן אַ גרויסער כאַווער מיט מאָסייקען. מאָסייקע וואָלט אים אויסגעלערנט מאַכן אַ מאָדעל פון אַעראָפּלאַן. ער דערמאָנט זיך יענעם אָפּדערנאַכט, ווען מאָסייקע האָט געבראַכט זײַן מאָדעל אין שול אַרײַן. ס'איז געווען אַזאַ שיינער אַעראָפּלאַן, אַ קליינינקער, נאָר טאַקע אַן עמעסער אַעראָפּלאַן אָפּגעפאַרבט מיט אייל־פאַרב, און כאַימקע האָט אַזוי מעקאַנע געווען מאָסייקען, ווען ער איז דעמאָלט אויפן אָוונט געשטאַנען פאַר אַ פולן זאַל כעוורע, געוויזן זײַן אַרבעט און דערציילט וועגן יעדן טייל, צוליב וואָס זײַנען די פליגלען, דער פּראָפּעלער, וויאַזוי אַרבעט אַ מאָטאָר.

איצט וואָלט כאַימקע אים דאפקע וו...לן וויזן זײַנ בעריעשאפט, אונ ווענ ער וויל נאָר, טו... ער א בעט זשאָרזשיקנ, אונ זשאָרזשיק שטעלט אָפּ אינמיטנ טײַכ דאָס שיפּל. זאָל ער זענ, מאָסייקע, אז כאַימקע קאָנ אויכ עפּעס אונ האָט א קראפט.

ווי נאָר מאָסייקע האָט דערזענ כאַימקענ, הא... מיט מאטערניע זיכ דורכגעשטופּט צו אים, וו... געוועג שטארק ענג, אונ ער האָט פרײַנטלעכ געלייגט די האַנט אפ זײַנ אקסל.

— וואָס טוסטו דאָ, כאַימקע?..

דאָס טרומייטל איז בא כאַימקענ שיר פונ די הענט ...יט ארויסגעפאלנ.

— איכ בינ דאָ א... א... א קאפּיטאנ בינ איכ...

— ווער האָט עס דיכ אָנגעלאָדנ מיט אזא מינ סאָרט ארבעט?

— אליינ... וואָסי, מע טאָר דענ ניט?

זיי האָבנ דעמ שמועס ניט פארענדיקט, ...אָס שיפּל איז שוינ געוועג אפּ יענער זײַט ברעג ...ער אוילעמ האָט זיכ גענומענ שטופּנ אפ ארויסצו...ינ.

— פארהאלט ניט, כאַווער.

— לאָזט דורכגייג...

אונ דאָס איז געווענ ניט דאָס אײַנציקע מאָל, וואָס כאַימקע פלעג זיכ טרעפנ מיט מאָסייקענ, קימאט אלע טאָג האָבנ זיי זיכ געזענ.

וואָס טוט ער דאָרט אפנ פּליאזש, מאָסייקע? — אָט דער געדאנק האָט כאַימקענ ניט געלאָזט צורו. אלע

פאַרטאָג פאָרט ער אַף יענעם זײַט דניעפּער, און שפּעטלעך באַטאָג קערט ער זיך אום.

נעכטן, אַז כאַימקע איז צוגעפאָרן מיטן שיפל אַף יענער זײַט טײַך, האָט ער דערזען אַפן פּליאַזש אַן אופּלויפעניש. מענטשן האָבן זיך אײַליק געלאָזט לויפן אין דניעפּער, אַלע שווימען אין דער ריכטונג פון דער בּאַרזשע. דאָרטן האָט זיך עמעצער, ווײַזט אויס, געטרונקען — מע דאַרף אים ראַטעווען... און צווישן אַלע שווימערס האָט כאַימקע פּלוצים דערזען מאָסײקען. מאָסײקע האָט געהאַלטן דעם קאָפּ אין וואַסער און געוואָרפן פולקעס. ער איז געשוואומען אַזוי גיך, קימאַט ווי זשאָרזשיקס מאָטאָרקע. אוי, איז ער אים מעקאַנע געווען!

ס'האָט אים געצויגן צו מאָסײקען, ווי צו מאַגניט.

ס'איז אים נימעס און דערעסן געוואָרן דאָס שיפל.

אַ גאַנצן טאָג טרובעט ער זיך אָן, און דער האַלדז זײַנער ווערט טרוקן און הייזעריק.

כאַימקע האָט פאַרלאָזט אַף שטענדיק זשאָרזשיקן מיט זײַן שיפל. זיי האָבן זיך דאַפקע פרײַנטלעך צעזעגנט, און ער האָט אים אַפילע צוגעזאָגט, זשאָרזשיק, אַלע טאָג פירן אַהין און צוריק אומזיסט, אָן אַ קאָפּקע געלט.

מענטשן איז פאַראַן אַפן פּליאַזש אַלערליי, אַלע בּראָטן זיי זיך אַף דער זון, און אַז ס'ווערט שטאַרק הייס, כאַפּט מען זיך אַרײַן אין וואַסער און מע בּאָדט [illegible]גיט אויס.

פונדערוויַיטנס האָט כאַימקע דערזען, ווי מאָסייקע האָט אָנגעריסן אסאך לאָזעס און פלעכט עפּעס אויס. כאַימקע האָט זיך פאַרינטערעסירט און איז צוגעגאַנגען צו אים נעענטער. ער זעט, ווי מאָסייקע האָט זיך אויסגעפלאָכטן אַ מין קוישל, פאַרשטעלט דעם פּאַנעם מיט דעם.

— אַך, ס'אַרא סייכל!

לעבן אים ליגן צעוואָרפן ביכלעך און העפטן.

— ער איז דאָך ניט פון די אָפּגעשטאַנענע, — טוט אים אַ בליץ אין קאָפּ, — צוליב וואָס דאַרף ער דאָ די ביכלעך אַפן פליאַזש?

— ווייסט, מאָסייקע, — איז ער צו אים צוגעשפרונגען אַ פריידיקער, — איך האָב שוין פרעסירעט דאָס שיפל מיט זשאָרזשיקן אינאיינעם. ס'איז ניט פאַר מיר קיין אַרבעט, ניט אַזוי?..

טאָג נאָך טאָג פלעג ער קומען צו אים, כאַימקע, און איך אונטערשפאַרן זיַין קאָפּ איבערן קויש. מאָסייקע האָט געלייענט און געשריבן, כאַימקע פלעג דורכן געפלאָכטענעם קויש קוקן אינעם ריינעם ציכטיקן הימל אַריַין.

...אַף יענער זיַיט דניעפּער געפינט ער זיך. ווער איז צו אים גליַיך? — ניטאָ קיין גרעסער גליק..

— ווייסט, כאַימקע, אַז דו דאַרפסט זיך אונטערציִען? — האָט מאָסייקע אים פּלוצים דערמאָנט אין דער זעלבסטפאַרפליכטונג.

— יאָ, איך ווייס.

— וואָס־זשע טוסטו גאַנצענע טעג?

— איך פליאַזשע זיך און באָד זיך. און... לערן מיך אויס שווימען!

— גוט,— זאָגט מאָסייקע,— אָבער וואָס וועט זײַן מיטן אונטערצײַען זיך?..

— נו, אַז איך האָב קיין כיישעק ניט, נו, אַז.. ווען איך האָב נאָך צו זיך אַ כאַווער, וואָלט איך זיך אונטערגעצויגן.

— ווייסט וואָס, כאַימקע,— רופט זיך אָן צו אים מאָסייקע ערנסט,— אַט זעסטו, אַלע טאָג קום איך אהער לייענען און שרײַבן, נעם מיט דײַנע ביכלעך, און איך וועל דיר העלפן, גייסטו אײַן אַף אַזאַ זאַך?..

ס'איז אים געפעלן געוואָרן דער געדאַנק, מאָסייקע וועט אים העלפן טאַקע דאָ אַפן פליאַזש — אי מע קאָן זיך בראָטן, אי באָדן, אי אונטערצײַען.

מאָסייקע האָט אַף אים געניג צײַט געפּאַטערט. ס'האָט זיך ניט געגלויבט אַז כאַימקע קאָן נאָך ווערן אַ גוט יאַטל. אָבער אַז ער האָט זיך גענומען פאַר אַזאַ אַרבעט, וועט ער עס שוין אָבי גלאַט ניט אָפּלאָזן. ער מוז אויספּילן די זאַך, צו וואָס ער האָט זיך גענומען, אַזאַ יאַט איז ער שוין, מאָסייקע. ס'זאָל דונערן און בליצן, און כאַימקען וועט ער שוין אונטערצײַען.

כאַימקע האָט זיך דער...סט, אַז שפּעטער מיט אַ פּאָר וואָכן פאָרן אַ טייל כעוורע אין לאַגער. אויב ער וועט זיך לערנען, ווי עס דאַרף צו זײַן, פאַרזי־

כערט אים מאָסייקע, וועט ער זיך אויסטאַרען, און מע וועט כאַימקען אויך שיקן אין לאַגער. כאַימקע האָט אים צוגעזאָגט, אַז ער מוז רײַן אַריבער אין דער דריטער גרופּע. כאַימקע האָט איצט שטאַרק ליב באַקומען דעם שוואַרצן קיטשעראַווון ציגײַנער. אָפּט־מאָל פלעג ער שטיין אַף יענער זײַט ברעג און אַרויס־קוקן, ביז מאָסייקע וועט קומען.

מיט מאָסייקען איז כאַימקע געוואָרן נאָך בעסערע גוטע ברידער, ווי מיט זשאָרזשיקן.

געקומען איז אַ טאָג פאַרן פאָרן אין לאַגער. כאַ־ימקע האָט פאַרבעטן צו זיך מאָסייקען.

— ווייסט, מאַמע, — האָט ער אויסגעשריען, — איך פאָר מיט די בעוורע אין לאַגער.

— וווהין פאָרסטו?

— אין לאַ — אַ — אַ — גע — ער... הײַנט פאַרנאַכט קלײַבן מיר זיך צונויף אין שול. הערסט, מאַמע, גרייט־מיר אַלץ צו.

— האָסט זיך פאַרגעסן, אַז דו דאַרפסט זיך אונ־טערציען?

דער צימער איז פאַרפולט געוואָרן מיט כאַימקעס געלעכטער.

—און וואָס האָב איך געטאָן אַף יענער זײַט דניע־פּער, אַ? זעסט, מאַמע, דאָס איז מאָסייקע, דער פאָר ציִער פון שולראַט. אים האָב איך צו פאַרדאַנקען.

ווען זיי זײַנען געשטאַנען בא דער טיר און זיך געזעגנט מיט דער מאַמען, איז אַרויסגעשפּרונגען

סאָפיע אראָנאָווגע, און דערזעענדיק די פעקלעך אף די פלייצעס, האָט זי מיט רעציכע א זאָג געטאָן צו דער מאַמען:

— וווּהין לאָזט איר דעם בויאַן אײַערן?..

די מאַמע האָט א וואָרף געגעבן א פּאָר בארויגעזע אויגן, ווי זי וואָלט מיינען מיט דעם צו זאָגן:

—מאַדאַם, מישט זיך ניט—סע איז ניט אײַער אייסעק.

און די קינדער האָט זי אָנגעווינטשעוועט, זיי זאָלן קומען צוריק געזונטע און פּאָדיכטע.

— פאַרגעס ניט שרײַבן בריוו, כאַימקע, הערסט?

— איך וועל שרײַבן, מאַמע...

דער פאַרנאַכט איז געווען א לויטערער און א פרישער, מאַמעש עס האָט זיך געגלוסט שווימען אין דער ווייכער, גרינגער לופט.

כאַימקע האָט זיך געפילט יאָנטעוודיק, פריילעך ער וועט אריבער אין דער דריטער א רייַנער, גלײַך מיט אַלע קינדער, ער וועט שוין ניט זײַן אַזאַ, ווי ער איז געווען.



# אינהאַלט

